יוסף רובינשטיין

# נאַכט אויף נאַלעווקעס




ארויסגעגעבן פון דעם יידישן קולטור־קלוב אין באָסטאָן
מיט דער מיטהילף פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַטור-פאָנד
ניו-יאָרק, 1949

JOSEPH RUBINSTEIN

NIGHT ON NALEFKES

# NACHT OIF NALEWKES

דאס בילד און די צייכענונגען
צום ערשטן טייל „מאדעלן"
פון מענדל רייף
(אומגעבראכט פון די נאציס)

צייכענונגען
צום צווייטן טייל „גורל"
פון אברהם וואלקאוויטש

די אותיות אויף די פאדער־בלעטער
פון יהודה טאפעל



PRINTED IN THE UNITED STATES OF AMERICA
BY MARSTIN PRESS, INC., NEW YORK CITY
438

מיין לידער־זאַמלונג „נאַכט אויף נאַלעווקעס"
באַשטייט פון צוויי טיילן. אין דעם ערשטן טייל קומען
אַריין לידער, וואָס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן ביז צום יאָר
1939, אָנהויב פון צווייטן וועלט־קריג.

דאָס זיינען לידער, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין דער
אַטמאָספער פון יענער וואונדערלעכער, יידישער וואַרשע,
וואו איך האָב פאַרבראַכט מיין יוגנט.

די לידער טראָגן אויף זיך דעם חותם פון יענע הערלעכע
טעג, ווען די וועלט האָט מיך נאָך געלאָקט מיט אַלע
אירע פרילינגן און עלעגישע שמייכלען.

ערב דער מלחמה זיינען אָט די לידער פון ערשטן טייל
דערשינען אין אַ בוך א. נ. „מאָדעלן", (פרעמירט

געוואָרן און וואַרשע דורך דעם יידישן פּען-קלוב מיט דעם י. ל. פּרץ־פּרייז). אָבער די גאַנצע אויפלאַגע פון בוך איז גלייך ביים אויסברוך פון דער מלחמה פאַרברענט געוואָרן אין וואַרשע און דאָס בוך איז מער נישט בנמצא.

דער צווייטער טייל פון דער איצטיקער זאַמלונג „ג ו ר ל" באַשטייט פון לידער, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן במשך פון צען יאָר (פון 1939 ביז 1949) בעת מיין וואָגל און וואַנ־דער איבער די אַלע לענדער, וואו דער מלחמה-גורל האָט מיך פאַרוואָרפן. די לידער זיינען פון פאַרשידנאַרטיקער טעמאַטיק, אָבער די הויפּט-טעמע פון מיין ליד איז געווען און בלייבט די וויזיע פון דער פאַרמלחמהדיקער יידישער וואַרשע.

אָט די גרויסע, יידישע וואַרשע, אַזוי ווי איך זע זי איצט, נאָכדעם, ווי זי איז אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן, האָב איך אַרויסגעבראַכט אין אייניקע פּאָעמעס, וואָס גייען אַריין אין דער איצטיקער זאַמלונג.

***

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין דאַנק דעם יידישן קולטור־קלוב אין באָסטאָן פאַר זיין שיינער איניציאַטיוו אַרויס-צוגעבן דאָס בוך.

די הויפּט-איניציאַטאָרן, מיינע ליבע פריינט, דעם פּאָרזיצער פון קולטור־קלוב, דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן, אַלעקסאַנדער שאַפּיראָ, און דעם קונסט־קענער, אברהם באָרנשטיין — מיין האַרציקסטן יישר כח.

יוסף רובינשטיין

*****

דער אומעט רעדט צו מיר אויף אַלע שפּראַכן,
אין גלאַנץ פון גאָלד, אין גרויקייט פון דעם שטויב;
כ׳פאַרשטיי דעם לשון פון די טויטע זאַכן,
דעם סקריפּ פון טיר, דעם וואונק פון שויב.

דער קופּער ברילט אין גאַרגל פון טרומייטער,
דער פּאַרמעט קרעכצט אין שווערן ברום פון פּויק,
די וואַנט, קען זיין, אַמבעסטן גאַר פאַרשטייט דיך,
און ס׳קוקט דיר נאָך דער שפּיגל ווי אַן אויג.

מיט אומעט רעדט די שטומקייט פון דעם חומר,
מיט אומעט רעדט צום טראָט—פון דיל דאָס ברעט,
דיין צימער ווילט זיך אויך מיט בלום-טאָפּעטן טרוימען
און ס קען דיין שאָטן קניען אין געבעט.

# אָ ו נ ט

שוין אויסגעליידיקט האָט די שקיעה באַלד איר קרוג,
דער לעצטער ווייַן נאָר רינט נאָך איבער שויבן,
דאָס רעשטל גאָלד אין שפּאַרעס פון דעם ברוק
פּיקן אוים פאַרחלומטע די טויבן.

אָט נאָך אַ רגע בלויז, אָט נאָך אַ קורצע ווייל,
קומען וועט דער אָונט דאָ פּאַרטייעט ווי אַ רויבער,
אָוועקשאַרן מיט שאָטן־האַנט דאָס גאָלד אין גרוים געאייל
און אויסטרינקען דעם ווייַן פון אַלע שויבן,
ביז שכור וועט צעבליען זיך און אויפגיין אין זיין טרוים
מיט שטערנדלעך דער הימל, ווי אַ וואונדערלעכער בוים.

# ו ע נ ט

ווענט אָן פענצטער אויסגעקרימט און בלינד,
ווי הויקערדיקע פלייצעס אויסגעדרייט צום ווינט,
פאַרשטויבטע, ליימיקע, ווי אָנגעטאָן אין זעק,
אָן דרענגער אָנגעשפּאַרטע, שטייען זיי פול שרעק
ביי דער זייט פון וועג.

ביינאַכט, ווען די לבנה וועט זיי איינהילן אין קיטלען
און דעכלעך נידעריק פאַררוקן זיי ווי אויסגעדרייטע היטלען,
וועלן זיי דאַן שפּאַנען, ווי אַ בלינד געזינד
אויף שטעקנס אָנגעשפּאַרטע שרעקעוודיק און בלינד,
און ס'וועט פון הינטן יאָגן זיי מיט שטויב דער ווינט.

# אַ פענצטער

ביינאַכט שלאָפט איין פאַרוויגט דאָס גאַנצע הויז
מיט שווערע, מידע, גליוועדיקע גלידער.
ביטאָג האָט רוישיק עס געברויזט,
געהילכט מיט קלעפּ,
מיט רייד און טריט, ארויף־אַראָפּ די טרעפּ,
און פון אַ פענצטער האָט געכליפּעט שטיל אַ פידל.

איצט שלאָפט, אין נאַכט פאַרוויגט, דאָס גאַנצע הויז
מיט טירן פינסטערע און טונקעלע באַלקאָנען;
עס דרימלען פענצטער בלוי. אין שויבן־דורכזיכט קוים
שימערט רו און זאַטער צימערדיקער טרוים.
און נאָר פון פינפטן שטאָק אַ פענצטער וויל ארויס,
אַ פענצטער וויל ארויסשפּרינגען און קאָן נישט.

עס שלאָפט דאָס פענצטער נישט אָן איינציקס אין דעם הויז:
אַ צינד זיך אָן, אַ לעש און ס׳ברענט באַלד ווידער
מיט אומרו־ליכט צעפּיבערט אין דער נאַכט —
עס וויל ארויס
פון פינפטן שטאָק דאָס פענצטער ביי דעם דאַך,
וואָס האָט ביטאָג געכליפּעט אויפן פידל.

# דאָס פענצטער און דער בוים

נאַכט. פון דער טונקעלער וואַנט פון אַ הויז
איז ליכטיק אַ פענצטער צום דרויסן אַרויס.

ס׳האָט נאַכט שוין געשימערט מיט שטערן און טרוים,
געוואַרט האָט ביים פענצטער צעווינטיקט אַ בוים.

און ס׳איז דאַן געשען: מיט אַ ליכטיק געזיכט
דאָס פענצטער דעם בוים האָט פאַרטוליעט צו זיך.

פאַרטוליעט און צערטלעך געקושט אים אין קאָפּ.
דער ווינט איז פאַרשעמט פון די צווייגן אַראָפּ,

אין נאַכט זיך פאַרטייעט, געאָטעמט קוים-קוים,
געהערט ווי דער בוים קושט פון פענצטער דעם זוים.

און פלוצלינג פאַרנומען, ווי ס׳וואָלט דורך אַ נס
פון צווייגן פאַרדאַרטע אַ שמעק געטאָן בעז.

דער ווינט האָט געשוויגן, די נאַכט האָט געגרויט,
ביז טאָג איז געקומען צעזונגען, צעבלויט,

ביז טאָג האָט אין פענצטער זיך זוניק צעגליט:
דער בוים איז געשטאַנען אינגאַנצן צעבליט.

# דער בוידעם

דער בוידעם גנבעט שטערן ביי דער נאַכט
און חברט זיך פֿאַרטרווילעך מיטן קוימען;
זיצט נישט אומזיסט דער קוימען אויפֿן דאַך
פֿאַרטייעט אַלע אָוונט, ווי אַ שומר.

אַ גאַנצע נאַכט פֿאַרטוליעטע צו זיך —
וואַרטן זיי געהיימנישפֿול פֿאַרסודעט.
אַ שטערן פֿאַלט מיט ציטערדיקן ליכט
און — שווין האַלט געפֿאַנגען אים דער בוידעם.

נאָר קומט דער טאָג אַ זוניקער צוגיין
און ליכטיק ווערט און העל אין אַלע ווינקלען,
הויבט אָן דער בוידעם, ווי פֿון זיך אַליין,
דורך שפּאַרעם טונקעלע צו פֿינקלען.

דאָס בלינצלען שטיקלעך גלאָז אויף ווי קרישטאָל,
געשליפֿענער קרישטאָל, ווען זון צעבלויט אים,
ווי ס׳וואָלטן שטראַליק אויפֿגעגלאַנצט צומאָל
געפֿאַנגענע די שטערן אויפֿן בוידעם.

# דער קוימען

די וואָלקנס האָבן ליב צו רוען אויפֿן דאַך,
פֿון ווייטע אומבאַקאַנטע וועגן טרוימען;
עס וואַרט אויף זיי מיט בענקשאַפֿט אין פֿאַרנאַכט,
אַ פֿאַרחלומטער, דער ווייסער קוימען.

די וואָלקנס רוען אָפּ אַ ווײַלע זיך פֿון וועג
און אײַלן זיך מיט אויפֿגעשטעלטע בוידן;
דער קוימען טרוימט: ער וויל מיט זיי אַוועק,
פֿון דאַך אַוועקגיין און פֿון אַלטן בוידעם.

ער ציט זיך נאָך מיט לאַנגע פּאַסן רויך,
מיט בלויען רויך פֿון אומטיקע טרוימען,
די וואָלקנס אײַלן גלײַכגילטיק און הויך
און ס'טריפֿט דאָס בלוט פֿון שקיעה אויפֿן קוימען.

# דער דאַך

דער דאַך האָט מיט טונקעלע פֿליגלען געגעבן פֿון שלאָף זיך אַ ריס.
עס האָט זיך אַ רענדל אַ זוניקס פֿאַרקייקלט אויף הויכן קאַרניז.

דער דאַך איז אין חלום געפֿלויגן, געבליבן אויפֿן זעלביקן אָרט —
איצט האָט ער פֿאַררויכערט אַ ליולקע. ער פּיפּקעט און ווייס נאָך נישט פֿאָרט:

צי איז ער אַ דאַך, צי אַ פֿויגל. ער קוקט זיך פֿאַרחידושט אַרום:
עס האָט זיך דאָס זוניקע רענדל פֿאַרוואַנדלט אין גאָלדענער בלום.

צעוואַקסן, צעבליט זיך אַלץ העלער, געוואָרן אַ פֿלאַמיקע רויז:
איצט ברענען די ווענט און די פֿענצטער און ס׳פֿלאַקערט אינגאַנצן דאָס הויז,

דער דאַך נאָר ער רויכערט זיין ליולקע און טראַכט זיך, צי איז ער אַ דאַך,
צי איז ער פֿון חלום דער פֿויגל, וואָס יאָגט זיך נאָך שטערן בייַנאַכט.

# דער אויוון

דער פרילינג-אָוונט האָט מיט בלויע הויפנס
מיין טיש באַשאָטן מיט לבנהדיקן בעז.
דער קאַלטער, נישט-געהייצטער ווינטער־אויוון
אין ווינקל בלייכט פאַרגליווערט ווי אַ מת.

ביינאַכט ווען כ׳וועל אין וואונדער-פּאַרק פון טרוימען
שפּאַצירן — אַ פאַרליבטער פּאַדישאַך,
וועט דער אויוון שטיל אַרויסגיין דורכן קוימען
און שטעלן זיך אַ בלייכער אויפן דאַך,

זיך שטעלן אין לבנה-שיין און שווייגן:
עס שלאָפט אַ שוועלבעלע פאַרחלומט אין זיין נעסט,
עס בליט די נאַכט אויף יונג-צעגרינטע צווייגן
מיט בלויע בלעטעלעך פון ערשטן בעז.

און ווען פון חלום-לאַנד, מיט זילבער-נעכט צעפינקלט,
קומען וועל איך אין פאַרטאָג צוריק — אַ פראָסטער קנעכט,
וועט בלייכן שוין, ווי פריער, דער אויוון אין זיין ווינקל,
מיט בלויען אָפּשיין פון לבנהדיקע נעכט.

# שטיללעבן

דער יום טוב-טישטוך בלייכט אַ מאַטער אויפן טיש,
דאָס ווייסע ווייצן-ברויט צעשניטן ליגט נאָך פריש.

נישט אָנגערירט שטייט פוטער, ס׳געלבט פאַרשעמט דער קעז,
און אומעטיק בלויט אויף פון וואסער-קרוג דער בעז.

ווי ס׳וואָלט פאַרוואונדערט אַלץ זיך דאָ געפרעגט:
פאַרוואָס איז פלוצלינג ווער פון זאַטן טיש אַוועק?

דער מעסער-שניט גרוילט אויף פון יעדן פענעץ ברויט,
ווי בלוט פאַרגליווערט שרעקט פון פאַמידאָר דער רויט.

און ס׳פלאַטערט פול מיט סוד, צעשוויבערט און פאַרצערט,
אויף שנעל געעפנט, מיט אַ גוואַלד-רים אַ קאָנווערט,

וואָס וואונדיקט אָן אַ זייט און שוידערט אויס די שרעק:
פאַרוואָס ס׳איז ווער פון טיש דאָ אומגעריכט אַוועק.

# צימערן

צימער-אומעט. אויף די פענצטער טרוימען קראַנקע אַלעאַנדערס.
אין די ווינקלען שטויבן פּאַלמעס. ס׳נעפּלען דורכזיכטיק גאַרדינען.
אויף טאַפּעטן שווימען שיפן צו אַן אויסגעטרוימטן לאַנד דאָרט.
אויסגעמאַלטע פעלזן־ברעגעס וואַרטן סודותדיקע, גרינע.

צימער-לאַנגוויל. לייוונט-גלייכגילט פון געמאָלענע פּאָרטרעטן.
ס׳גליווערט מעבל גרוי און שטויביק. שטייף און פייערלעך־לויה׳יק
טונקלען שענק זיך, שטרענג-פאַרשלאָסן... פון געשייערטע פּאַרקעטן
לויערט קלוג די מאַנאָטאָניע מיט געקעסטלטער מאָזאיק.

און אין אָוונט ברענען לאָמפּן. ס׳טויכן גלאַנציק אויף די דילן.
מירן סקריפּען אויף פּאַרדעכטיק, מאַכן אויף זיך און פאַרריגלען,
שאַרף-צעווינקלט שלאָפן טישן... מיט פאַרשאָטנטע פּראָפילן
דרימלען ווייך-געבעטע שטולן... גלאָזיק־קאַלטע בלויען שפּיגלען.

שפּעט אין אָוונט קומען פרויען צו די שפּיגלען שעפּן אומעט.
ס׳שיילן אוים זיך מידע גלידער פון די העמדער, פון די זאָקן,
איינגעשרומפּטע בריסטן בלויען, ס׳געלבן וואַקסיק אַקסלען קרומע,
דאַרע הענט און פיס, צעאָדערט, קוקן אָן זיך פרעמד צעשראָקן.

שפּיגלען בלויען. הינטער פענצטער הענגט אַ קופּערנע לבנה.
שטערן פאַלן. ווייט אויף ימען שווימען פּערלמוטער־נעפּלען.
שיפן בלאָנדזשען... אויף די פענצטער טרוימען שטויביק קראַנק וואַזאָנען
און עס וועלקן אויף די טישן בלאַנדע כריזאַנטעמען־קעפּלעך.

# אַלטמאָדישע טאַפּעטן

פאַרשטויבטע, אָפּגעבליאַקעטע, אַלטמאָדישע טאַפּעטן
מיט ראָזער גאָלדיקייט פון זומער-שקיעות שפּעטע, —

עס ליגט אַ מאָדנער כישוף אין דעם אויסטערלישן דעסען,
אין אויסגעמיש פון ים און וואַלד און אויפגעפּעלזטע שלעסער:

דער וואַלד שטייט אָפּגעוועלקט און וואַרט אַלץ אויף זיין בליען,
די פייגל הענגען מיד און גאַרן נאָכן פליען.

מיט בענקשאַפט וואַרט אין הינטערגרונט אַן אָפּגעבליאַקעט-בלויער
פון אויפגעפּעלזטן לילאַ-שלאָס — דער צוגעמאַכטער טויער.

ביינאַכט, ווען ס'וועט לבנה-שיין די אַלטע ווענט פאַרוועבן
אין שפּיל פון ליכט און שאָטן — וועט אַלץ אָנהויבן צו לעבן:

דער ים וועט זיך צעברויזן און די בוימער וועלן בליען,
אויפגעפּאָכטע זילבער-פויגל וועלן זיך צעפליען.

פון אויפגעפּעלזטן שלאָס וועט זיך אַן עפן טאָן דער טויער
און אומגעריכט אַרויסגיין וועט מיט שטילע טריט דער טרויער.

# זומערדיקע שענק

אין טונקעלע פֿאַרמאַכטע שענק איז אָוונטיק און קיל.
עס דרימלען מאַנטלען דאָרט אין שאָטנס שווער געהילט.

אַ בערן־פּוטער שלאָפֿט פֿאַרשנייט מיט נאַפֿטאָלין:
אים חלומט זיך אַ ווינטער־נאַכט, אַ ווינט.

אין אָוונט קומען מייז צוגאַסט אין שאַנק צוגיין,
זיי שמעקן אַלץ אַרום און שנאַפּן דאָרט געהיים,

און טראָגן אונטער דיל אַוועק די בלויקייט פֿון באַגין
און דעם גערוך פֿון נאַפֿטאָלין.

# דאָס ליכט פון לאָמפּ

דער ווינקל-שפּיגל גלאָצט אין הינער-פּלעט.
די נאַכט האָט זיך געלייגט נישט אויסגעטאָן אין בעט
און חלומט איצט און רעדט צו זיך אַליין
און שוידערט אויס פון שלאָף דאָס הילצערנע געוויין
פון בעט און טיש און דאָס געוויין פון מויז,
וואָס רייסט זיך דורכן דיל און קאָן אַלץ נישט אַרויס.

דאָס בלייכע ליכט, די ציטערדיקע שיין,
וואָס פאַלט פון לאָמפּ, קאָן מער שוין דאָ נישט זיין:
עס פלאַטערט איבער ווענט און רייסט זיך פול מיט שרעק
און וויל פון צימער ערגעץ-וואו אַוועק.

קען אפשר זיין, אַז טאַקע אָט דערפאַר
פאַלט אין דער נאַכט לענגאויס דעם טראָטואַר
דאָס בלייכע ציטערדיקע ליכט פון הויז,
וואָס שפּרינגט פון פענצטער אויף דער גאַס אַרויס,
ווי ס׳וואָלט אַ פרוי פאַר שרעק אין בלויזן העמד
אַנטלאָפן פון דעם צימער, פון די ווענט,
און טוליעט זיך צו יעדן איינעמס טריט
און בעט זיך: נעם מיך מיט!

# פאַפּירענע בלומען

בלומען פון פּאַפּיר און קווייטן פון מושלין
מיט קנאָספּן אָפּגעבליאַקעטע און בלעטלעך שטויביק-גרין —
זיי בליען אויף אין הארבסט אויף אָרעמע קאָמאָדן,
וואו זומער-בלוזקעס וועלקן אָפּ אין בייכיקע שופלאָדן,
ווי טרוימען פּאַרביקע, פּאַרשיט מיט נאַפטאָלין.

זיי הערן צו, אין בין-השמשות הארבסטיקן, פאַרבענקט
מיט זיסער פרייד דעם נאָגנדיקן ניגון,
דעם לעצטן זשום פון שוואַכע, גוססדיקע פליגן
אויף שטויביקע בית-עלמינס פון די שענק.

זיי האָבן ליב דאָס ווייסע גליווערדיקע שטוינען,
אין לאַנגע ווינטער-נעכט, פון שויבן בלייך צעאייזט,
דאָס קינדערשע געוויין פון זאַווערוכע-ווינט אין קוימען,
דאָס גריזשען אין קאָמאָד פון הונגעריקע מייז,

זיי וועלקן אָפּ, אין פרילינגדיקע זון-צעהעלטע שויבן,
מיט לעצטער ראַזקייט פון פּאַפּיר צי פון באַטיסט,
און שטאַרבן אָפּ מיט ליפּן בלייך און שטויביק,
צעטראָטענע אין מיסט.

# אַ צימער

די רויט-געבלומטע קאָלדרע חלומט,
די קישן בלייכט פאַרבענקט נאָך זינד,
דער גאַנצער בלויער צימער-חלל
בעט: אַ קינד.

צום ווינקל טוליעט זיך דער חלום פון אַ וויגל,
עס לעשט דער טעפּיך אוים דעם אומרו-שפּיר פון פּיס,
און יעדן טאָג פאַרנעמט דער גלאַנץ פון שפּיגל
דעם ווײ פון נישט-באַמילכטע בריסט.

די האָפענונג צינדט אָן אין אָוונט ראָז דאָס לעמפּל,
עס לעכצט די שוועל נאָך מענער-טראָט-באַריר,
נאָר טריט אויף טרעפּ פאַרגייען פרעמדע, טעמפּע,
די קליאַמקע שמאַכט פאַרחלשט אויף דער טיר.

און נאַכט וועלקט אָפּ אין בלויען צימער-חלל
מיט דינעם רויך פון פרויען-פּאַפּיראָס.
די קאָלדרע טרוימט איר רויט-געבלומטן חלום
און ס׳וויינט דער טאָג אין שפּיגלם בלויען גלאָז.

# שויפּענצטער

## א

אַ קאַליקע אָן פּים. די קוליע ביי דער וואַנט.
עס בעטלט אין פאַרנאַכט זיין אויסגעשטרעקטע האַנט.
אַרום איז יום-טוב-גאַס, נאָר הינטער אים איז שטויב,
און איבער אים — אַ ליכטיק-גרויסע שויב
מיט שיך, מיט הונדערט פּאָרן שיך.
עס בלענדט די שויב, עס פליצט עלעקטרי-ליכט,
עס גלאַנצן שיך פון דיל ביז צום קאַרניז
און ווינקען צו דעם בעטלערס אָפּגעהאַקטע פיס.

די האַנט פון קאַליקע הענגט אויף דער ערד אַראָפּ,
פון פענצטער ווי אַ גלאָריע פאַלט דער לאָמפּ-שיין אויף זיין קאָפּ,
און נאָר די שווערע קוליע אויף דעם ראַנד פון שויב
רייסט בלינד ווי אַ געשפּענסט זיך, גרייט אויף גוואַלד און רויב.

## ב

עס טרעפט, אַז אַ שויפּענצטער שלאָפט נישט ביינאַכט.
עס פיבערט אין שויבן דאָס ליכט מיט פאַרדאַכט.
אַ העמד אָן אַ קאָפּ הענגט און שוידערט און קלערט:
ס׳איז זיין אויף אַ לייב אויף אַ פרעמדס אים באַשערט.
דער רויטער קראַוואַט גיט אַ פלאַטער אין ליכט,
אַ פּאַך גיט מיט שנאה די פּעטליע פון שלייף,
אין אָנזיכט פון עמעצנס האַלז און געזיכט.
און ס׳רייסט מיט אַ קרעכץ זיך, דורך גלאָזיק געשלייף
פון פלעשלעך פּערפום דער געפאַנגענער דופט,
און ס׳רייצט און עס רופט אין גערוכן פון זייף
(ווי ריח פון מאַנדלען) דער ריח פון לייב,
ווען נאַכט פון באַגער מיט דער גלוסטונג צו ווייב
גייט אויף אין די בלוטן צעזאָטן און טרייף...

עס טרעפט, אַז אַ שויפענצטער שלאָפט נישט ביינאַכט.
עס שימערט אין שפיגלען דאָס ליכט מיט פאַרדאַכט.

עס לויערט פארטייעט אזוי ווי א שפּין
פון ווינקל אַ הענטשקע פּינף-פינגערדיק-גרין,
און ס׳שיפּעט אַ קליאַמרע מיט שפּיציקן מויל
פון לעדערנעם פּאַס, ווי אַ שלאַנג אין אַ קנויל,
און ס׳פלאַטערט מיט בלאַסקייט מיט ווייסער באַדעקט
אַ נאָזטיכל הילפלאָז — געהלשט פאַר שרעק...

ג

אין פענצטער די פרוי האָט מיט בלאַנקיקע צײַן
זיך פלוצלינג צעשמייכלט — צו זיך אַליין:

דער זילבערנער פוקס אויף איר גיפּסענער ברוסט
האָט זיכער פאַרליבן אין איר זיך געמוזט.

איז שעפּטשעט ער טאַקע: — „מאַדאַם, אַך מאַדאַם,
איר האָט אין מיין האַרצן געצונדן אַ פלאַם!"

ער צאַפּלט אינגאַנצן און פליסטערט פאַרטרויט:
„אָן אייך איז, מאַדאַם, מיר שווין ליבער דער טויט!"

זי הערט און זי שמייכלט אין דורכזיכט פון שויב
מיט לעכער פון אויגן, פאַרגרינלעכט פון שטויב.

דער העלער לאַמטערן אַנטקעגן פון גאַס
האָט ציטערדיק-געלבלעך איר פּנים פאַרבלאַסט.

זי שמייכלט און שעפּטשעט: „מיין פוקס, איז דאָס וואָר?
ביזט קלוג דאָך ווי קיינער, ווי זילבער דיין האָר".

זי פלאַטערט פאַרחלומט און בויגט זיך אַראָפּ
און טוליעט צום פוקס צו איר גאָלדענעם קאָפּ.

עס גרינלעכט אין לעכער פון אויגן דער שטויב,
און ס'בלאַנדזשעט אַ געלבלעכער שטראַל דורך דער שויב

— אויף זילבער פון פוקס און אויף גאָלד פון די האָר
און ס'לעשט זיך אין פענצטער אַ ווײַלע די וואָר...

ד

אין שויפענצטער די בלוזקע שמייכלט צניעותדיק פֿאַרשפּילעט.
דאָס ווייסע שפּיצן-קעלנערל בלייכט אומעטיק פֿאַרשעמט:
די ברוינע מענער-הענטשקעס ווילן גיריקע זיך שפּילן
מיט אָפּגעבלויזטן לייב פֿון ראָזן דאַמען-העמד.

די מענער-הענטשקעס האָבן שוין פֿאַרראַטן די פּיזשאַמע
די זאָקן און אַפֿילו שוין דאָס קליידל ביי דער שויב.
דאָס העמד איז אַ יתומהלע פֿאַרעלנט, אָן אַ מאַמען,
עס ראָזיקט זיך נאָך שעמעוודיק אין מענער-רייד פֿאַרגלויבט...

פֿאַרפּוצטע דאַמען-שירעמלעך מיט מינעס מאָדנע-קלוגע,
ווי עלטערע קאָקאָטעס צוויי, ווינקען צו דעם זאָק.
דער שטעקן מיט דער זילבער-האַנט, פֿאַר אייפֿערזוכט משוגע,
האָט, אומבאַמערקט פֿאַר קיינעם, זיך געהאָנגען אויף אַ האָק.

# אַ שילד פון אַ פוטער-געשעפט

דער לייב אויף גרינער שילד גלאַצט ווילד אַראָפּ צום ברוק:
דעם מאַלער־יונג, דעם הינטישן, וואָלט ער אויף טויט פאַרצוקט!

אַזאַ מין חרפּה אָפּטאָן אים — אַ בראָך איז צו זיין קאָפּ!
ער האָט פאַרקירצט דעם ווידל אים, איצט לאַכן שכנים אָפּ:

דער טיגער פון אַנטקעגן שטשירעט פריילעך מיט די ציין,
דער מאַנעקין פון פענצטער האָט צעשמייכלט זיך געמיין.

עס דוכט זיך, ווי געוואונקען וואָלט דער מאַנעקין פון דאָרט:
„איר זענט דאָך גאָר קיין לייב נישט — אַ מלמד מיט אַ באָרד”...

דער פוקס אַפילו האָט אים שוין אַרויסגעשטעקט אַ צונג...
עך, ווען ער זאָל פּאַקן אים, אָט דעם געמיינעם יונג!

און ס׳דוכט זיך: אַ פאַרצאָרנטער, ער זוכט מיט אויגן ווילד
דעם אויסגעציקטן אַדרעס פון דעם מאַלער אויפן שילד...

# שילדן אויף די נאַלעווקעס

אַ געיעג,
אַ געשלעג,
אין איילעניש ווילד
יאָגט אַ שילד נאָך אַ שילד:

איינע פאַרקראָכן איז אויף אַ באַלקאָן,
אַ צווייטע — ווייס נישט וואָס האָט זי צו טאָן,
זי הענגט אויף אַ האָר דאָרט, אָט פאַלט זי אַראָפּ.
אַ שילדל באַמאָלט מיט אַ קינדערשן קאָפּ,
צעשראָקן און קרום,
קוקט פאַרוואונדערט זיך אום.

אַ טומל, אַ גוואַלד, איבער טירן און ווענט
יאָגן זיך שילדן, ווי ס׳וואָלט דאָ געברענט,
אַ שילדל פון שעלקעס האָט שנעל אין געיעג
באַהאַלטן זיך הינטער אַ דאַמען־קאָרסעט
און שוידערט פאַר שרעק.

אַ שילד אַ פֿאַרשמאַכטע, פֿאַרחלשט, פֿאַרשטויבט —
אַ דורשטיקע טרינקט זי פֿון קוואַליקער שויב.

אַ שילד פֿון אַ ליטוואַק, געלאַסן און קאַלט,
זאָגט מוסר: „רבותי, ס׳איז ממש אַ גוואַלד!
ס׳איז אַלץ דאָך קאַפּויער! אָט קוקט: ביים קאַרניז
פֿון זאָקן אַ שילד הענגט אַרויף מיט די פֿיס,
און אונטן, אויף טיר פֿון דעם קעלער אַראָפּ,
אַ קאַפּעליוש-שילד הענגט פֿאַרקערט מיטן קאָפּ".

# אַ שניידער-שילד

אָפּגעמאָלט דאָס פּנים ראָז,
מיט אַ פּינטל אויף דער נאָז,
זיצט דער שניידער אויף דער שילד,
זיצט און קוקט זיך אָן-פּראָפיל.
איז דער וואָנס אים ווי אַ שרויף,
קונציק אויסגעדרייט אַרויף;
מיט דער שער אין האַנט, פאַרצאָגט
קוקט ער אַלץ אַ גאַנצן טאָג,
צו זיין נייעם קאָנקורענט.
דאָרט, מיט פאַרבן העל צעבלענדט
און מיט זילבער און מיט גאָלד
אויף אַ שילד איז אָפּגעמאָלט,
ווי מיט הענטשקעס אין דער האַנט
שטייט אַן אויסגעפּוצטער פראַנט.
פון דעם פענצטער דאָרט פון הויז
קוקט דעם שניידערס ווייב אַרויס.
איז דאָס ווייבל מלא-חן
און זי זינגט זיך אונטער שיין
און מיט בלויע אויגן מילד
קוקט זי אויף דעם פראַנט פון שילד.

זיצט דער שניידער אָפּגעמאָלט,
טראַכט זיך: „ס'ארא ווייב א גאָלד!"
און עס נאָגט זיין הארץ פון בלעך
און ער שלאָפט נישט גאַנצע נעכט:
אַז זיין שניידערס שטוב איז נאָס
און דאָס ווייב איז אַ מרשעת,
נאָר זי זידלט זיך און שילט
און זיין קאָנקורענט — דעם שילד —
איז באַשערט אין סאַמע פראָנט
אי צו הענגען אויבנאָן,
אי צו קוקן נאָכאַנאַנד
אויף אַ ווייבל אַ בריליאַנט.

# אַ יאַטקע־שילד

גרין באַמאָלט די פּאַציאַטקע,
און די וואַנט — אויף טונקל־געל;
אין פאַרפּעצטער טיר פון יאַטקע
שרייט די בלוט־פאַרשפּריצטע שוועל.

אויף צוויי קײלער־העק פאַרקרייצטע,
אויסגעמאָלט מיט אייגן ווילד,
ווי אַ חיה אַ צערייצטע —
גלאַצט אַן אָקסן־קאָפּ פון שילד,

גרייט זיך וואַרפן און צערייסן.
נאָר געלאַסן אויפן שוועל,
אין אַ פאַרטוך אין אַ ווייסן,
שטייט דער קײלער מעשה־העלד:

רויטער קאַרק און וואָנסן געלע,
אויפן בויך פאַרלייגט די הענט,
פרישע טראָפּנס בלוט, ווי קרעלן,
אויפן פאַרטוך רויט צעבלענדט.

שטייט ער ברייט, מיט יוסטער מינע,
קוקט מיט גאווה אויפן מאַרק,
און דער קאָפּ פון שילד דער גרינער
קוקט מיט שנאה אויף זיין קאַרק.

ביי דער זייט די קעלבער־פרײדיקס
הענגען אָפּגעטריקנט, בלאַס,
נאָר די זון, צעשפּילט און פריידיק,
שיט מיט גאָלד אויף ברוק פון גאַס.

# טשאַפּלין

אָוונט.
אויף דער פּייכטער קינאָ-וואַנט —
אַ פאַרביקער פּלאַקאַט:
אַ נעבעכל, מיט טריט צעשטעלטע אין דער ברייט,
אַ שטעקעלע אין האַנט,
און צוויי פאַרחידושטע, צעצאַפּלטע שוואַרצאַפּלען:
טשאַפּלין.

אַ רעגן טריפט.
אַ ווינטל האָט זיך אומגעריכט צעשטיפט
און פּאַכט מיט דעם פּלאַקאַט פון רעגן-נעץ צעגלאַנצט —
און טשאַפּלין טאַנצט:
אַרויף,
אַראָפּ...
און ס'טאַנצט דער האַרטער קאַפּעליוש אים אויפן קאָפּ,
עס טאַנצט דער שטעקן, די קאַמאַשן, אַלץ, —
צום טאַקט פון מאָנאָטאָנעם רעגן-וואַלץ.

אַ מיידעלע בלייבט שטיין,
פאַררייסט דעם קאָפּ און קען נישט ווייטער גיין...
אין אירע קינדער-אויגן פיבערט נאָך געוויין,
און מיט אַמאָל
האָט פרייד אַ וויג געטאָן איר קול —
זי לאַכט.

צעבלאָזן האָט דער ווינט דאָס טיכל אויף איר האַלז,
צעפּאַכט איר קלייד,
נאָר זי — זי שטייט
און לאַכט...
זי קוקט צו אים און לאַכט.
און ס'דוכט זיך: ס'האָט אויך טשאַפּלין זיך צעשמייכלט אין דער נאַכט.

# נאַכט-לאָקאַל

...איצט שפּילט די פידל בלויז פאַר זיך אַליין.
אין זאַל איז ליידיק שוין. מיט סטרוניקן געוויין
טויכט גלאַנציק-קאַלט אויף דער פּאַרקעט, וואו אומעטיק און ווייס
בלייכן טישלעך ליידיקע ווי קריעס אייז.
נאָר ערגעץ אויף אַ קריע שווימט נאָך אַלץ אַ פּאָר —
זיי שווימען צו דעם לאַנד פון וואָכעדיקער וואָר.
אָט נאָך אַ בליק, אָט נאָך אַ שמייכל קוים,
אָט נאָך אַ רגע גליק, אָט נאָך אַ ווײַלע טרוים.
דער קעלנער וואַרט אין שוואַרצן טראַכט.
ער וואַרט, ווי אַ פּיראַט, פּאַרטייעט אין דער נאַכט.
אָט שטאַרבט די פידל שוין. זי גוססט סטרוניק-דין.
דער בויגן פאַלט אין בלויקייט פון באַגין.
דער לעצטער קרעכץ. און שוין. אַ רגע בלויז —
דער קעלנער טוט אַ שפּרייז — דער טרוים איז אויס.

# דער טויט פון אַ פּויק

עס איז געווען פאַרטאָג.
מיט מעשענעם געצאַצעכץ האָבן טאַצן זיך צעיאָגט.
געברילט האָט דער טרומייט מיט הייזעריקן קופּער.
דער באַס האָט גראָב און שיכור זיך געזידלט.
נאָר פרום און צניעותדיק, ווי אויף אַ חופּה,
האָט נאָגנדיק אַ פידעלע געפידלט.
און ווי אַ דזשונגל-ווינט האָט ציטערדיק געציקלט
דער סאַקסאָפאָן דעם ניגון-וויי פון ניקל —
ביז פלוצלינג האָט אין אימפעט פון פאָקסטראָט
די אַלטע פּויק זיך יאָמערלעך צעבאַצט:
אָ, גאָט! אָ, גאָט! אָ, גאָט!
און ס'האָט איר פאַרמעט־האַרץ אין דזשאַז-געשריי געפּלאַצט.

# דער סימן פון זיין טראָט

אהרן צייטלינען

היינט איז גאָט ביי מיר אין שטוב געווען.
עס האָט די נאַכט זיך אומגעריכט צעהעלט:
דער גאַנצער הימל האָט אין פענצטער זיך געשטעלט
און אַט אַזוי מיט בלויען שטערן-שיין
איז גאָט אַליין צו מיר אין שטוב אריין.

נאָר איך האָב שוין זיין פנים נישט געזען.
עס האָט אַ פלייץ געטאָן מיט ערב-פרילינגדיקער פרייד,
מיט אויסגעבענקטער רו, ווי ס'וואָלט אַ פלייט
געפירט מיך ערגעץ אין אַן אויפגעבלויטן רוים,
און ביסלעכווייז מיך איינגעוויגט מיט אויפגעטויטן טרוים.

און אַז דער טאָג האָט מיך פון שלאָף געטאָן אַ וועק —
איז גאָט שוין נישט געווען. ער איז געהאַט אַוועק.
דער אויוון האָט געבלייכט מיט פחד און מיט לויב,
אין פענצטער האָט געבלויט אַן אויפגעהעלטע שויב,
און ס'האָט אַ שטראַל אין מאָרגן-העלער שפּיל
געצייכנט ציטערדיק אויף אויסגעוועקסטן דיל
אַ גאָלד-פלעק פון דער זון, ווי ס'וואָלט דאָרט גאָט
געלאָזט אין שטיב דעם סימן פון זיין טראָט.

# נ ע כ ט  פ אַ ר  מ יי ן  ש ו י ב

אין ווייסע לבנהקע העמדער
שפּאַצירן די נעכט פאַר מיין שויב.
פון ווייטע פאַרחלומטע לענדער
טראָגט בשורות אַ זילבערנע טויב.

נאָר ס'יאָגט זי אַ שורה לאַמטערנס,
זיי טראָגן מיין גורל-שטאַפּעט —
צו וועמען וועט מאָרגן געהערן
מיין היים און מיין ברויט און מיין בעט?

עס יאָגן זי פענצטער נאָך בלינדע
מיט קאַלטן לבנהקן בלענד,
מיט הונגער-געוויינען פון קינדער
אין שטיינערנעם קלעם פון די ווענט.

נאָר צאַרט, אַ נישט-ערדישע, פרעמדע,
אין בלוי פון מיין נאַכטיקער שויב,
פון ווייטע פאַרכישופטע לענדער
פלאַטערט די זילבערנע טויב.

זי פלאַטערט דורך שורות לאַמטערנס,
וואָס טראָגן מיין גורל-שטאַפּעט,
און כ'וויים נישט צו וועמען געהערן
מיין היים וועט, מיין ברויט און מיין בעט.

## כאָטש דער הימל איז ווייט...

כאָטש דער הימל איז ווייט, אַזוי ווייט פון דער ערד,
נאָר די בלייבקייט פון מילכוועג ליגט בלוי אויף מיין פּנים,
דער ליכט-שטראַל, וואָס טראָגט זיך דורך יאָרן מיליאָנען,
לעשט אוים זיין באַגער
אין מיין ליכטיקער טרער.

כאָטש דער הימל איז ווייט, אַזוי ווייט פון דער ערד
און ווייט פון דעם מילכוועג בלייכט ערגעץ מיין פּנים —
נאָר דער ליכט-שטראַל, וואָס יאָגט זיך דורך יאָרן מיליאָנען,
זוכט מיך אויף אין זיין וועג,
און פאַרליבט אין מיין טרער,
אין מיין פרייד און מיין שרעק,
פאַלט ער צו צו מיין בליק —
און קען נישט צוריק.

# צי ווייסט די בלינדע וואַנט...

צי ווייסט די בלינדע וואַנט, אַז זי איז בלינד?
פאַרשטייט די קרומע טיר, אַז זי איז קרום?
עס קען דאָך זיין: דער שמעקעוודיקער ווינט
קען אפשר גאָר אינגאַנצן נישט די בלום.

דער קלאָרער טאָג ברענגט זון מיט זיך און ליכט,
די נאַכט קומט שאָטנדיק פאַרשלייערט און פאַרהילט.
צי קען דער טאָג אַליין זיין אייגן העל געזיכט?
צי זעט די נאַכט איר אייגן שאָטן־בילד?

אַ שטערן האָט געפירט מיך צו אַ ברעג,
דער מילכוועג האָט געוועקט צום אין־סוף מיין פאַרלאַנג;
דער שטערן, קען דאָך זיין, זוכט אויך אַ וועג,
דער מילכוועג איז, ווי איך, פאַרלוירן אין זיין גאַנג.

# אַ שטיפּערל אַ ווינטל

פאַרגנבעט האָט זיך אומגעריכט פון הינטן,
אַ שטיפּערל אַ ווינטל.
אַ שפּיל געטאָן ביים דאַך אויף סטרונעס פון די דראָטן —
און פּלוצלינג זיך מיט שטיקלעך ציגל־ליים צעשאָטן
אויף די דורכגייערס אין גאַס.

דערנאָך אין שפּאַס
אַ כאַפּ געטאָן ביי עמעצן אַ קאַפּעלוש פון קאָפּ
און שנעל, מיט אַ צעפּאַטלטער קאַפּאָטע,
אַ פריילעכער געלאָזט זיך לויפן דורך דער בלאָטע
מיטן קאַפּעלוש גאַלאָפּ.

אַן אַלטער זיידע־ווינט, אַ קאַלטער,
אָנגעפלויגן איז ביים ראָג,
דערזען די מעשה און פאַר פאַרדרוס און כעס
געגעבן בייז זיך נאָך דעם אייניקל אַ יאָג,
געכאַפּט אים ערגעץ אויפן מיטן גאַס,
און מיט אַן אָנגעדרייטן אויער,
אַ פאַרשעמטן, אים אַריינגעיאָגט אין טויער.

אַ גאַנצע נאַכט, פאַר חרפּה, האָט דאָס שטיפּערל, דער ווינט,
געוויינט אין קוימען, ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד.

# פאַרוואָס?

די שוואַרצע קאַץ שטייט אומעטיק ביים שוועל.
זי חידושט זיך און טראַכט:
דער זומער־טאָג איז שפּילעוודיק און העל —
פאַרוואָס־זשע וויל פאַרצערן אים די נאַכט?

זי חידושט זיך און בלייבט אַ רגע שטיין,
זי קוקט מיט חשד צום ווינקל פונם הויז;
אַ פלינקער שפּרונג. אין אויפגעשפּיצטע ציין
שוין ראַנגלט זיך אַ צאַפּלדיקע מויז.

איצט שטייט ביים שוועל די שאָטנדיקע נאַכט.
זי חידושט זיך און קלערט:
די קליינע מויז איז שפּילעוודיק און שוואַך,
פאַרוואָס האָט זי די בייזע קאַץ פאַרצערט?

# קאָנטראַסטן

וואָס זוניקער דער זומער-טאָג, אַלץ טונקעלער דער שאָטן;
אַלץ העלער איז די שטערן-שיין, וואָס פינצטערער די נאַכט.
אין פרייילעכס פון דעם חופּה-ליד קלאָגט אויך אַ באַנגע נאָטע
און ס'יובלט אין דעם טרויער-מאַרש צום פרילינג-טאָג אַ שבח.

אין ליפּען פון אַ זויג-קינד שלוכצט די זיקנה שוין באַצייטנס.
אין שמייכל פון אַ זקן וויינט דער עלנט קינדערש-בלינד.
אין צניעותדיקע פרויען-בליקן גליען נעכט פאַרשייטע.
אין אויגן פון אַ גאַסן-פרוי וויינט בענקשאַפט נאָך אַ קינד.

# פרילינג אין שטאָט

דעם אנדענק פון מיין פאָטער

בײַ מיר אין שטעטעלע איז איצטער גרין,
עס זשומעט גאָלדיק אין פאַרנאַכט אַ בין,
און אַלץ איז בלוי און אומעטיק און זיס
אין אָוונטס נאָגנדיקער שעה,
כאָטש איך בין דאָרטן לאַנג, שוין לאַנג נישטאָ.
איצט קרעכצט דער שטיין פון ברוק דורך מײַנע פיס,
איצט קלאָגט דער טינק פון ווענט
דורך מײַנע הענט,
און ס׳וויינט דורך אויפגעבלויטן שטויב
דער סקווער,
און אין דער שויב —
דער שקיעהס לעצטער טרער.

# איך וועל זיך אומקערן...

איך וועל זיך אומקערן צום לאַנג-פאַרלאָזטן בוידעם,
מיט קוימענס ליימיקע, מיט רויכיק-שוואַרצע לופטן;
ביים פענצטער אויף אַ שטריק וועט ווי אַמאָל זיך הוידען,
מיט בלייכער שרעק, מיין העמדל אין דער לופטן.

איך וועל זיך אומקערן צום דאַך מיט בלויע שפּאַרעס,
צום סודותדיקן טונקל פון די נידעריקע ווינקלען,
און ווי אַמאָל וועל איך מיט פּיס צעשאַרן
דעם גראָבן שטויב — און גלאָז וועט זיך צעפינקלען.

פאַרנאַכטצייט וועלן ווידער זיך די שאָטנס סודען,
און איך וועל זיך פאַרגנבענען מיט האַרץ-קלאַפּ און וועל הערן:
אין בלויער שטילקייט קרעכצט דער בוידעם
און ס'וויינען אין די שפּאַרעס שטערן.

# ר ע ג נ ס

נאָך נאַכטיקן געוויין פֿון דעכער
אין גאָרגלענדיקע העלזער פֿון די רינעס,
בלויט אויף אין גליווער-גלאַנץ פֿון בלעכן
אַ צעשראָקענער באַגינען.

איצט וועלן פענצטער טראָגן אין זכרון,
דורך זומער-טעג צעזוניקטע, פֿאַרבאָרגן
אין טונקל פֿון אָראָפּגעלאָזטע שטאָרן
דעם אומעט פֿון צערעגנטע פרימאָרגנס.

און ס׳וועלן ווענט שוין קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן
דאָס מאָנאָטאָנע גאָרגלדיקע קלאַגן
פֿון פליעסקענדיקע רינעס איבער פֿעסלעך
אין צערעגנטע פֿאַרטאָגן.

# מיין שאָטן

מיין שאָטן דאַוונט צו אַן אומבאַקאַנטן גאָט,
וואָס האָט קיין הימל נישט און נישט קיין נאָמען.
ער בלאָנדזשעט אום, מיין שאָטן, אין דער שטאָט
און זוכט אויף וועגט זיין אָוונטיקן פּנים.
ביינאַכט אין שטוב ביי זיך — ס'איז פינצטער שווין און שטיל —
אין שויבן וויינט מיט טראָפּנס-טריף דער רעגן —
פאַרנעם איך פלוצלינג: ערגעץ אויפן דיל
מיין שאָטן דאַוונט הינטער מיין געלעגער.
איך הער זיך צו: עס כליפּען מיינע שיך,
עס קרעכצט די שאַנק מיט זשאַווערדיקע האָקנס.
איך שפּרינג אַראָפּ און צינד שנעל אָן דאָס ליכט
און בלייב אין מיטן צימער שטיין דערשראָקן.
אַנטקעגן מיר, צעשאָקלט אויף דער וואַנט,
וויגט זיך מיין שאָטן אומרואיק-צעשויבערט:
ער דאַוונט שטום מיט אויסגעשטרעקטער האַנט
און כליפּעט פרום מיט טרערן אויף די שויבן.

# פ אָ ר ש ט ע ט

כ׳האָב ליב דעם שפּעטן אומעט פון די אָוונטיקע פאָרשטעט,
וואָס וואַלגערן אין חושך זיך אָט סתם אויף גאָטס באַראָט.
זיי טוליען זיך געהיימנישפול, ווי לענדער נישט-געפאָרשטע,
וואָס וואַרטן אָפּ מיט נייגיר אַ פרעמדנס ערשטן טראָט.

פון יענע לעצטע ראָגן, וואו עס פאָרט נאָך צו אַ טראַמוויי,
לענגאויס אַ פלויט זיך לאָזן, וואָס פאַרציט זיך וואו געהיים,
און פילן, ווי אַ ווינטל גיט זיך פלוצלינג אַ פאַרגנבע
און ס׳גיט אַ שמעק דיר אומגעריכט מיט פייכטן גראָז און ליים.

ס׳איז ליב מיר אַלצדינג דאָרט: דער ווינט-גלעט אויף מיין פּנים;
די נעמען פון די געסלעך, וועלכע קלינגען אומבאַקאַנט,
פון הינטער בוימלעך שיטערע די געלבלעכע לבנה,
וואָס קוקט ווי פון אַ „לאַנדשאַפט" אין אַ קנייפּע אויף דער וואַנט.

די לעצטע קרומע הייזלעך און אַן איינגעוואָרפן פליטל.
די קוימענס פון פאַבריקן און אַ גאַז-לאַמטער ביים פעלד...
ס׳איז גוט אַזוי אַוועקגיין דאָרט אין אָוונט מיט אַ מיידל,
ווען יום-טוב-שטאָט צערוישטע איז לאַמטערנדיק באַהעלט.

אוועקלאָזן קיין וואָליע זיך, אַוועקגיין קיין אַכּאַטע,
פֿאַרקריכן אין דער טונקל דאָרט, נישט ווּיסנדיק וואוהין,
פֿאַרטוליען זיך און הערן, ווי עס רוישט אַ ווייטער מאַטאָר,
אַ בלאָנדזשענדיקער אויטאָ ווײַנט — אין נאַכט־געשפּין אַ בין.

און שפּעטער, ביי דער שיין פֿון קילע פֿינקלענדיקע שטערן,
זוכן דעם צוריקוועג אין דער שאָטנדיקער שטיל,
ביז פּלוצלינג, אויף אַ ראָג, דערזען אַ שורה פֿון לאַמטערנעס
און טראַמוויי־רעלס צעגלאַנצטן, ווי אַ וועג־ווייזער צום ציל.

# פּראָגע

עס דרימלט פּאַדערעווסקי-פּאַרק אין שאָטן פון קאַשטאַנעס
און הינטערגעסלעך טוליען זיך צום אָוונטיקן ברוק.
נאָר ערגעץ אויף ווילענסקע-גאַס, פון הינטער די פּאַרקאַנעס,
וויינט מיט דינע פייפן אַ זיך וועקסלענדיקער צוג.

די ווייסל שווענקט זיך מיד, ווי נאָך אַ לאַנגן בייזן שטורעם,
אַ זעגל פלאַטערט אומרואיק אויף דרימלענדיקן מאַסט.
דער הייליקער פלאָריאַן מיט ביידע אויסגעשטרעקטע טורעמס
שיט פּאַלנדיקע שטערן איבער דרימלענדיקער גאַס.

מיט פייערלעך אין וואַסער אָפּגעשפּיגלט און צעפּאַליעט
שלאָפט פּראַגע אויף דעם ווייסל-ברעג פּאַרוויגט, ווי אַ מאַטראָס,
און חלומט, ווי עס שווימט אויף בלויע ציטערדיקע כוואַליעס,
צוגאַסט צו איר, פון וואַרשע-זייט, דער קעניגלעכער שלאָס.

און דרימלט זיך דערוויילע איין מיט כוואַליע-רויש פאַרמורמלט,
מיט וויטן טעמפּן הילך פון אַ זיך וועקסלענדיקער באַן.
און מיט די ביידע אָרעמס פון די אויסגעשטרעקטע טורעמס
ציילט שטערן אין דער נאַכט אַריין דער הייליקער פלאָריאַן.

# מאַרשאַלקאָווסקע

## א

ביזט אַ רייטער אויף אַ פערד אַ נישט-געצוימטן,
אָפּגעלאָזט די לייצעס, און אין האַסטיקן גאַלאָפּ
געלאָזט זיך ווי אַ וויכער מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ,
ביז פּלוצלינג אין געבראַזג פון שטאָל און שטיין,
ביים הויפּט-וואָקזאַל געבליבן ביזטו שטיין:
די הענט צעוואָרפן ברייט,
צעשפּרייט,
אַזוי מין רחבותדיק און פריי —
פון גראָיצער גאַס ביז צו דער בריק פון דריטן מאַי,
אַז אַלץ געבליבן איז פאַרוואונדערט שטיין:
דער טראַמוויי אויפן רעלס,
דער ליכט-סיגנאַל, ווי רויט-צעגליטער קרעל,
און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט —
דער פּאָליציאַנט.

## ב

מיט שילדן-שיין, ווי פייער-אויגן פרעכע,
מיט נעאָן-ליכט, געצונדן ביים קאַרניז,
דיר חלומט זיך: אַן אָוונט פון פּאַריז
פאַרבלאָנדזשעט האָט אויף דיינע הויכע דעכער.

און לויפסטו, מאַרשאַלקאָווסקע-גאַס, מיט ליאַרם און מיט האַסט
און טראָגסט זיך רווישיק וואו מיט אומרו און מיט שטורם —
אומזיסט, —
ס'וועט נישט אַ גרים טאָן דיר אַנטקעגן מאָנפּאַרנאַס,
ס'וועט נישט אַ שפּיז טאָן דורך דער נאַכט דער אייפל-טורם.
דאָס וואָרט מאַקאַטאָוו בלויז און ס'דרימלט שוין אָכאָטע,
מיט געסלעך שמאָלינקע, מיט עיפּוש און מיט בלאָטע.
און איבער פלויטן טונקעלע און איבער בערגלעך מיסט,
אריבער ווענט און דעכלעך קרומלעכע און שטאַרע
גייט אויך אַרום אַן אָוונט פון פּאַריז,
גייט אויף אין חלום דאָרט די וואַנט פון קאָמונאַרן.

און לויפסטו מאַרשאַלקאָווסקע גאַס און טראָגסט זיך וואו אומזיסט,
און הינטערגעסלעך פיבערן לאַמטערנדיק-צעפּעכערט,
עס האָט אַ חלום דאָ פאַרבלאָנדזשעט פון פּאַריז
און פלאַטערט אומרואיק אויף אַלע דעכער.

# יערוזאַלימער אַלייען

אַ יעדע גאַס האָט איר באַזונדער פּנים,
אַ יעדע גאַס האָט איר באַזונדער נאַכט.
נאָר ווי־זשע האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ דיין נאָמען,
וואָס שטאַמט פון הייסן זוניקן תנ״ך?

נאָך ברענען העל די פענצטער פון קאַפעען,
נאָך ברומט דער דזשאַז, אי פריילעך, אי פאַרבענקט,
נאָר פּראָסטיטוטקעס אין די האַרבסטיקע אַלייען —
זיי טוליען זיך פאַר קעלט צו פייכטע בענק.

זיי וואַרטן דאָ מיט יונג־פאַרוועלקטע לייבער,
מיט מידן בליק און פאַלש־געמאַכטן שטיף...
נאָר וויפיל מאָל האָט שוין פון דריטן־מאַי־בריק
נישט איינע זיך פון זיי געוואָרפן אין דער טיף.

עס וועט נישט אַרן קיינעם און נישט ווי טאָן,
אַז ס׳האָט אַ מענטש געפלאָטערט דאָרט ביים ברעג:
ביים הויפּט־וואָקזאַל, אויף ציטערדיקע פלייטן,
וועט נאָר אַ נאַכט־צוג ווײַנען דין פאַר שרעק.

ס׳וועט מאָרגן פעלן דאָ אַ גרינלעך פּנים,
ס׳וועט מאָרגן פעלן דאָ אַ שאָטן אין דער נאַכט.
נאָר ווי־זשע קומט צו דיר דיין זוניק־העלער נאָמען,
וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ פון הייליקן תנ״ך?

# לעשנאַ

דיין רחבותדיקע ברייטקייט איז געלאָסן באַלעבאַטיש.
אַ שטאָלצער יחוס-צייכן שיינט אַראָפּ פון דיינע ווענט...
דו גאַס פון מיינע אָוונטן, ווען פענצטער ליבטיק-זאַטע,
דערמאָנען מיר די היים מיט זייער שמייכלענדיקן בלענד.

ביזט קלויסטערדיק באַצלמט, ס'איז דיין גאַנג באַפרומט און איידל,
נאָר עס טריפט פון דיינע פענצטער אין די נעכט פאַרשטיקטע גלוסט.
דו ביזט ווי דאָס גאָטספאַרכטיקע, דאָס צניעותדיקע מיידל,
וואָס אפער איר האַלזבאַנד-צלם ווינקט אַ הויכע ברוסט.

פון טלאָמאַצקעס אָרעמס, ווי פון אַן אַלטער מאַמעס צערטל,
האָסטו אַ ריס געטאָן זיך פריידיק, און מיט שטאָלצן קאָפּ
געלאָזט זיך לויפן הויך און פריי, ביז האָסט ביים פּלאַץ קערצעלי
פאַרטשעפּעט אָן אַ סטראַגאָן זיך און אויסגעגליטשט אַראָפּ.

דאָרט איינזאַם און פאַרלאָזן צווישן לאַנגע פליטן-שורות,
ווי וואָלסט פאַר בליקן זייטיקע זיך שעמעוודיק פאַרשטעלט,
קען קיינער שוין דיין יחוס נישט. אַ גאַסן-פרוי, שיכורים,
מאַכן פריילעך דיינע אָוונטן ביים ראַנד פון וואָליער פעלד.

# קאַרמעליצקע

ס'איז ליב דער פאַלשער גלאַנץ מיר פון די ביליקע קראַוואַטן
אין דיינע שויפענצטער די שמאַלינקע, וואָס ווינקען מיר בייטאָג,
און יענער שעלמיש-שמייכלענדיקער, נאַרנדיקער פּלאַטער
פון צאַרטע מיידל-קעפּ פאַרנאַכט-צייט אויף דיין ראָג.

אין יום-טובדיקע טעג אויף דיינע שמאָלע טראָטואַרן,
אין המון, וואָס שטראָמט מיט פריידיקן געמיט,
האָב איך ליב זיך אויסמישן און שטיפעריש זיך שפּאַרן —
זאָרגלאָז זיך פאַרפּלאָנטערן אין גאַנג פון פרעמדע טריט.

אין שפּעטע אָונט-שעהן, ווען אויף דיינע ווענט די גרויע
אַ גאַז-לאַמטער צעגרינט זיך שווינדזיכטיק און שוואַך,
האָב איך ליב די פּאָרלעך, צוגעטוליעטע ביים טויער,
און דעם פאַרשטיקטן, שפּעטן, תאווהדיקן לאַך...

דו דרימלסט זיך געהיים. אין טונקעלע וויטרינעס
סודען זיך קראַוואַטן מענערשע מיט צאַרטער דאַמען-וועש.
און נאָר אַ ברוגזע, מיט צניעותדיקער מינע,
קוקט בייז אַריין די יחוסדיקע לעש.

# שבת אויף סמאַטשע

אויפן שילד געפאַרבט אויף געלב —
אַ גלאָז, אַ פלעשל קוואַס...
און מיט אַ טרעפל העכער פון דער גאַס —
דער איינגאַנג אין געוועלב.

דאָס פענצטער לאַקט מיט שווייצער-קעז אַ קאַפּ,
מיט גלאַנציק-אָנגעקרעמטע ט ש אַ ס ט ק ע ס...
און מיט אַ מיידל-קעפל אין אַ מאַסקע
הענגט אַ באָמבאָניערקע קאָפּ-אַראָפּ.

ביי סאַנען אין געוועלב איז שבת אַ יאַריד:
דער וואַסער-סיפאָן זידט,
חתנים פונדעווען די כלות שאָקאָלאַד און קוואַס...
מען עסט, מען טרינקט, מען איילט זיך שנעל אין גאַס —
ביז ליידיק ווערט. אין פענצטער פוסט און פּאַס
שפּאַצירן פליגן אום אויף בייטן טשאַסטקעס
און מאַכן חן-פינטלעך אין שפּאַס
אויף ראָזן לייב פון באָמבאָניערע אין אַ מאַסקע.

און נאָר פון דער ראַזורע אויפן שוועל
קוקט מיט זשעדנע אויגן צו די טשאַסטקעס דער גאַזעל.

# שבתצונאַכטס אויף סמאַטשע

פון דזשעלנע-גאַס האָט באַנג אַ קלויסטער-קלונג
אַ וועק געטאָן פאַרנאַכט דעם דרימלענדיקן שבת.
אַ שלעסל האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרשלאָפן אויף אַ רונג
און אָפּגעענטפערט האָבן אויף געוועלב-טירן די שטאַבעם.

דער שבת איז שוין אוים, און איבער אויפגערוימטע שוועלן
גייט מען שוין אויפסניי אריין אין וואָכעדיקן יאָך.
און יידן עפענען, פאַרשלאָפענע, געוועלבער,
מען גענעצט פויל, מען זאָגט „אַ גוטע וואָך".
אין באַזאַר שלעפן קיילערס שוין די פרישע פריידיקס קעלבער,
און אין דער רוישיקער באַוואַריע פון אַ ווינקל אויבן-אָן
שפּילט הייזעריק יום-כפּור-תפילות אוים אַ גראַמאָפאָן.

אין שבת-אָנטועכץ, אין דרויסן פּאָרן ראָג,
שטייען יינגען-פּורמאַנעס מיט אויפגעמאַכטע קעלנער;
מען שמועסט וועגן שערן זיך און פון דער היץ ביי טאָג
און ווי מען גיט צו עסן ביי די זעלנער.

אזייגער עלף צעגייט מען זיך אהיים,
די שבת-קעלנער קוועלן זיי, ווי כאָמענטן געמיינע,
און נאָר ביי סאַנען אין געוועלב, געהיים,
שפּילט מען ביז פאָרטאָג אויף פלאַשן ביר אין ביינער.

## נ אַ ל ע װ ק ע ס

נאַלעװקעס, די אַלטע װעלט איז גוסס,
די אַלטע װעלט פֿון מצװות און פֿון געלט.
אויף דײַנע שילדן — אָפּגעקראַצט די אותיות.
און ס׳װעלקט דײַן גלאַנץ אין שויפֿענצטער פֿאַרגעלט.

דײַן הײם — פֿאַרלאָזט. עס װאָגלען דײַנע קינדער,
זײ בלאָנדזשען אום, װי פֿרעמדע בלודנע שאָף.
אויף דײַנע הײפֿן זינגט נאָך אַלץ דער בלינדער
דאָס אַלטע ליד „טיטאַניקס װיסטער סוף״.

אין ענגן קלעם פֿון נײַע צײַטן שלעכטע,
אין יאָך פֿאַרשפּאַנט פֿון פֿרי ביז שפּעט בײַנאַכט, —
אויף דאַנסינגס טאַנצן דײַנע זין און טעכטער
און דײַנע קינדער רײדן נישט דײַן שפּראַך.

א

צוויי-דריי שטאָק די הייזער הויך,
צוויי-דריי פענצטער בלויז די ברייט —
ווי פון זיקנה קרום צעבויכט
שטייען טירן אויסגעדרייט.

רויטע דעכער שווער צעשטאָפּלט
אויף אַ דאַך — אַ דעבל-קאָפּל.
קלויסטער-טורעמס, טויבנשלאָקיק,
שטייגן אויפגעשפּיצט און צאַקיק.
די קאַרניזן-שטוקאַטורן
הענגען שאַרף אַראָפּ און עקיק
איבער פענצטער-אַמבראַזורן,
און די שויבן גלאָצן שרעקיק.

פון די קליינע בוידעם-פענצטער
קוקן דוכט זיך, ווי פאַרוואונדערט,
לאַנג-פאַרגעסענע געשפּענסטער
פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט.

פון אַ שמאָלער ווינקל-נישע
קוקט פאַרתפילהט אַ מאַדאָנע ;
הינטער שויבן, אויסגעווישטע,
ווינקען גרינינקע וואַזאָנען.

קאַרידאָרן לאַנגע, שמאָלע,
אויסגעדרייטע קרומע טרעפּלעך;
איבער טירן — אַנטרעסאָלן,
אין די פענצטער — קינדער-קעפּלעך.

טינק אויף ווענט — צעקראַצט, צעוואונדיקט:
טירן נידעריק האַלב-רונדיק...
אונטער שטיינערנע געוועלבן
טוליען טונקל זיך געוועלבער...
צלמים-קראָם און קלייט פון טרומנעס;
אָן־אַ־זייט, פאַררוקט און קרומלעך —
שטייט אַ קלויסטערל צעטומלט,
גאַפּט מיט זיקנה-פענצטער פרומע
צום דערנעבן, וואו פאַן-בראַט
קלאַפּט אַ שוסטערשער וואַרשטאַט;
און צום טאַקטביים קעלער-שוועל —
זינגט אַ פריילעכער געזעל...
ווערט די גאַס גאָר יונגער, העלער
פון דער פרייד, וואָס פראַלט פון קעלער;
נאָר דעם קלויסטער דאָס געזאַנג
שרעקט מיט חוצפה, קלינגט ער לאַנג,
קלינגט ער באַנג, קלונג נאָך קלונג,—
זאָל ער וויסן אַט דער יונג!

צווישן קלויסטער און וואַרשטאַטל
שמעקט מיט ווייערויך און מיט זויל.
ווער עס ברענגט דאָ שיך פאַרלאַטען,
ווער עס קריכט אין קלויסטער פויל.

אַלטע גלאָקן און דער אָרגל
ריכטן תפילות אָפּ אין מאָרגן.
נאָר אין שוסטערשן וואַרשטאַטל
גייט מען איצטער שיך פאַרלאַטען.

קלאַפּט דאָס העמערל טאַ—טאַ—טאַ
און דער נאָל ער פּיקט פאַרביסן:
— וואָס מיר מצוות דאָרט און ניסים,
אַז די זויל איז פאָרט צעריסן,
פריער שטיוול, פאַניע גבאי,
און דער נאָכדעם עולם הבא.

הויבט דער קלויסטער אָן צו שטראָפן:
— גלייכסט גן־עדן צו פאַנטאָפל? —
קלינגט און מוסרט: — פאַר די מעשים,
אָך, וועט מען דיך שפּעטער שמייסן!

שפייט דער שוסטער אויף די זוילן:
— וואָס מיר באָבע־מעשׂיות פוילע,
ס׳איז אַן עסק פאַר די זאַטע,—
און ער נעמט זיך צו דער לאַטע.
בלייבט דער קלויסטער שטיין געטראָפן,
ס׳העלפט אײַנגאַנצן ניט דאָס שטראָפן,
שטייט ער בייז די טירן אָפן,
קלינגלט אונטער האַלב־פאַרשלאָפן.

און אין שוסטערשן ווארשטאַטל
זינגט אַ פריילעכער דער יאַטל.

זינגט ער האָפּערדיק און מונטער,
כאַפּן די געזעלן אונטער.

און ביי אויסגעקרימטער שוועל
שטייט דער טאָג צעזוניקט העל.

ב

ווי א שטיינערנע פארמעסטונג,
אויפגעטורעמט ווי א פעסטונג,
אויף דעם ווייסל-ברעג, דעם בארג,
שטייט צעגארנט הויך דער מארק.

קוימענס ברייטע, שווער-צעשטאפלט,
בוידעם-פענצטער בלינד-צעאפלט,
און א זייט נאר אפגעגרענעצט
הענגען שטאלצע די אנטענעס.

איבער גארנס, ווי שופלאדן
פון אלטמאדישע קאמאדן,
ליגן הויכע פאציאטעס.
איבער זיי — ווי צוגעלאטעט,
מיט א דעכל אויסגעקלאשט,
שטייט א שטיבל א של-ראש.

קלאגט די שטוב זיך פארן שכן:
„ווי געפעלט דיר? היתכן?
מיט מיין יחוס נישט פון ערשט —
זיין א בוידעם גאר אויף וועש!"

נאָר דער רויכערדיקער שכן
איז פאַרנומען איצט מיט קאָכן,
פיפקעט ער זיך לאַנגזאַם אונטער,
מאַכט זיך קוקן גאָר אַרונטער:
נאָך וואָס ענטפערן די סטריכעס?
ס'קען דאָך יעדער זייער יחוס...

## ג

ווי פון הינטער טויבנשלאַקן
וואַרקען אויף קאַרניזן טויבן,
שמאָלע פענצטער, טריבע שויבן,
איבער פענצטער — בונטע שלאַקן.

קווייטן-שלאַנגען, שטערן-סעגלס,
אַ סירענע און אַ זעגל,
און אַ הערב — אַ טאָפּל-טורעם,
ביי אַ לאָדן אויסגעפורעמט.

דורך די פענצטער — טאָג-ליכט קאַרגער,
צינדט באַצייטנס גאָז די פלעמלעך.
ביי אַ טיר איז פּיאָטר סקאַרגאַ
אָפּגעמאָלט אינגאַנצן ענלעך.

ווענט צעשמירט אין בונטע פּאַסן,
ביי די ראַנדן — רעגן-רינעס.
אָפּגעפאַרבט אַ וואַנט אויף גרין איז,
און אויף גאָלד מיט בלוי מיט בלאַסן —
יונגען צוויי מיט מאַנדאָלינעס,
מיידלעך צוויי מיט קרוגן וואַסער.

נעבן זיי, פאַרדרייט די ווײַדלעך,
הענגען לייבן זיך אַראָפּ צוויי,
אויף די זייטן-ווענט די ביידע,
און דער ראָג — אַ שותּפות-קאָפּ זיי.

פון די טירן אויפגעמאַכטע
שמעקט מיט וועמפלעך און מיט קליסקעס.
אָפּגעמאָלט צום גרויסן שבח דאָ
איז אויף וואַנט דער קאָפּ קילינסקעס.

און ביינאַכט, אויף ווענט פאַרדעמפטע,
ברענען ליכט-רעקלאַמע-שילדן,
און דערנעבן, רויט-באַלעמפּלט,
ברענט זיך גאָר אַ הייליק בילדל.

אַלץ אינאיינעם ווי אַ וויזיע
שפּיגלט אָפּ זיך אין די שויבן,
און אויף טרעפּלעך פון קאַרניזן
וואָרקען קרעכצנדיק די טויבן.

## ד

אין אַ טיר, ווי אין אַ נישע,
בלייכט אַ צערטלעך פּרויען־פּנים,
מילד און פרום — אַן אָפּגעפּרישטע,
אַלטע רענעסאַנס־מאַדאָנע.

צווישן גרין־באַפאַרבטע לאָדן
שטייט אַ ייד אין אַ געוועלב־טיר,
זעט ער אויס: אַ כהן גדול
אויף אַ שטיך אַן אַלט־פאַרגעלבטן.

פון אַ פענצטער אַ פאַטעפאָן
שפּילט מיט טאַנגאָ־אומעט „וואַנדאַ״.
אויפן דריטן שטאָק אַ טרעפּער
זאָגט די צוקונפט פון דער האַנט דאָ.

ס׳האָט זיך דור מיט דור פאַרמישט דאָ,
ס׳האָט זיך וואָר מיט טרוים פאַרפּלאָנטערט.
איבער ראַדיאָ־כוואַליעס נישטערט,
הילכט דער ספּיקער פון טאָראָנטאָ.

ס׳בלענדט עלעקטריש ליכט אין שויבן,
אויטאָבוסן רוישן, איילן,
אויף קאַרניזן הערן טויבן
„קאַרמען״-אַריעס אַזש פון מיילאַנד.

און דאָ אונטן זיצן באָבעס
אויף די שוועלן, און זיי מוטלען:
„אַז מען זאָגט, עס גייען שבת
אום פאַרשטעלט דאָ די נישט-גוטע״.

ביי דעם פוקער-שענק די אויטאָס
קוקן זיך אַרום פאַרחידושט,
און אויף טרעפּ צעקרימט און קויטיק —
פּלאַפּלען קינדערלעך אויף יידיש.

## ה

אויסגעדרייט, מיט ווענט צעקרימטע,
לויפט אַ געסל מיד און שווער.
ס׳יאָגט די נאַכט עס נאָך פון הינטן
מיט אַ גרינעם גאַז־לאַמטער.

גיט דאָס געסל אַ פאַרדריי זיך,
לויפט אַהין און לויפט אַהער;
טאַפּט מיט שרעק:
אַ וואַנט אַ בלינדע
שטייט אים אומגעריכט אין וועג!

פון דער זייט אַ גאַס אַ ברייטע,
מיט לאַמטערנדיקן בלענד,
לויפט מיט אימפּעט אָן און ליאַרם,
שרייט און שטופּט זיך מיט די ווענט:
מאַכט אַ וואַרע! מאַכט אַ וואַרע!
בלייבט דאָס געסל שטיין פאַרבלענדט.
מאַכט די נאַכט פאַר פּחד פּליטה.
שאָטנס שפּרינגען איבער פּלייטן,
טוליען זיך מיט שרעק צום סטריך
פאַר דעם אָנגעפּלייצטן ליכט!

ו

פון דעם אַלטן מאַרק צום ווייסל
לויפן געסעלעך צעשטאָפּלט;

ס'האָבן דורות ווי צעפּלאָפּלט
אויף די ווענט דאָ וואונדער-מעשיות...

יעדעם דריידל אויף קאַרניזן,
יעדעם שפּיצל אויסגעקראַצט דאָ —

ס'האָבן יאָרן אויסגעשפּיזט זיי,
גאַנצע דורות — אויסגעצאַצקעט.

אויבן, ביי דעם ראַנד פון דעכער,
גלאָצן בלינד די לויער-לעכער;

פונדאַמענטן — ברייט-צעהינטנט,
אָפּגעפּרישטע ווענט — פּאַרטינקטע...

בויכט אַ פונדאַמענט זיך יוסט,
ווי ער וואָלט אַ סוד געוואוסט;

טוליען זיך די ווענט פון שטיין,
ווילן אָט דעם סוד דערגיין.

ווינקט זיך טיר אַדורך מיט טיר:
— וואָס געוועזן — ווייסן מ י ר.

נאָר דער שמאָלער קאָרידאָר
שמייכלט קלוג זיך: ווייס ער דאָרט,

וואָס זיי פּלאַפּלען, אָט די ווענט!
ס'איז אַ פּוסטער פונדאַמענט!

ז

אויפן הויפל, ביים קלאָזעט,
טריקנט אויף אַ שטריק זיך גרעט;

און ביים מיסטקאַסטן, לעם וואַנט,
לופטערט זיך דאָס בעטגעוואַנט.

ס'איז די לופט דאָ שווער און דומפּ,
קינדער פּליושקען זיך ביים פּלומפּ.

באַבעס, אויף אַ שוועל צעזעצט,
דרימלען אויף דער זון, ווי קעץ.

אונטן אין דעם פונדאַמענט,
צווישן גרויע פּייכטע ווענט,

וואוינט אַ באַנדער — מאַכט ער קובלם,
שמעקט מיט פרישן האָלץ — געהובלטס.

אויבן, אויף די אַלטע גאָרנס,
לויפן לאַנגע קאָרידאָרן.

שמאַל און קרום אַ יעדע טיר איז,
קליינע, טונקעלע — די דירות...

נאָרביים סטריך, אַביסל העכער,
וואו עס גלאַנצן לויער-לעכער,

בוידעם-פענצטערלעך — אָן שויבן —
נעסטן גאַנצע מחנות טויבן.

וואָרקען זיי אינעם פאַרנאַכט.
הענגט דער הימל בלוי — צעלאַכט;

נאָר עס שווייגט דער אַלטער דאַך,
ווי פאַרזונקען אין אַ מעשה...

— — — — — — —

אונטן זילבערט זיך די ווייסל...

## ח

בלוילעך דורכזיכטיק דער נעפּל
הענגט פאַרנאַכטצייט אויף ריבאַקעס,
קוים באַגילדטע פון דער שקיעה
סטאַרטשען דעכלעך אויף מאַסטאַווע.

וועגט אויף בוגאַי ווינטיק-פייכטע
שטייען גרינלעך אָפּגעבליאַקעט,
שיף-סירענעס הינטער פּלויטן
קרעכצן הייזעריק אין אָוונט.

גאַסן פאַלן האַסטיק, שטראָמיק,
ס׳גליטשן זיך אַרונטער געסלעך,
הייזער שפּרינגען, זינקען, פאַלן,
קייקלען זיך אַראָפּ ווי פּעסלעך
איבער פּלויטן און פּאַרקאַנעס,
איבער אָפּגעדעקטע פּלעצער,
און די ווייסל זילבערט, צאַפּלט —
גרינער פיש אין נעפּל-נעצן.

איבער גאַסן הויך און העכער,
איבער דעכער, דעכלעך-שטאַפּלען,
צאַפּלען פייערלעך און פלעמלעך,
בלינצלען, ווינקען פייער-אַפּלען.

אויף דעם ווייסל-ברעג לאַמטערנס
ווינקען איבער זיך מיט פּראַגע,
און פּאַרטייעט, בייז און ערנסט
רוישט די שטאָט ווי שווער באַלאַגערט.

שפּעט אין אָוונט אויף ריבאַקעס
קלעפּט צו ווענט זיך פּייכטער נעפּל,
הינטער פלויטן שיף-סירענעס
קרעכצן ביי דער קערבעדזש-בריק.
נאַכט נאָר אויף קאַמיענגע-סכאַדקי
גייט און ציילט די שמאָלע טרעפּלעך.
ס׳קלינגט אַ קלויסטער אויפן מקום,
דרימלט איין אַלץ און פּאַרוויגט.

## ט

שפּעטע אָוונט־גלאָקן קלינגען.
לעצטער קלונג פאַלט באַנג און ווייך.
ס׳גייט די נאַכט אויף שפּיצן פינגער.
שויבן בלויען לילאַ־בלייך.

איבער דעכער טריפן שטערן,
רינען אויס זיך גרין־צעמילכט,
קוימענס אויפגעשפּיצטע הערן
שאָטן־שאָרך און דינסטן הילך.

ס׳טריפט די שטילקייט פון די דעכער,
ס׳געלבט די נאַכט אויף זאַמד פון ברעג,
שורות זעגלען, וויים צעפּעכערט,
צאַפּלען ווינטיק קוים־געוועקט.

ד

ווי אין שאָטנס איינגערעמלט,
וויגט די ווייסל זיך ביים ברעג;
ווייטע פּאַפּיראָסן-פלעמלעך
שווימען פינטלענדיק אַוועק.

אויסגעצייט, ווי אויף אַ קאַנווע.
הענגט די נאַכט אויף פּראַגער זייט.
פון דער קערבעדזש-בריק אַ טראַמוואַי
ווינקט מיט פייער-אויג פון ווייט.

אויף דער ווייסל פלעמל-פינגער
טאַנצן, שפּרינגען — בליץ נאָך בליץ,
פון די פינגער ווערן רינגען,
פון אַ רונג — אַ פונקען-שפּריץ.

פליען פונקען אום און שטיפן,
צאַנקען ציטערדיק און לאַנג;
אויף דער ווייסל שווימט אַ שיפל
און פון שיפל — שווימט געזאַנג.

ס'האָט די נאַכט דאָ אַלץ פאַרענלעכט
הימל-בלויקייט, וואַסערס פלאַך —
נאָר מיט פּאַפּיראָסן-פלעמלעך
שווימט אַ שיפל אין דער נאַכט.

## יא

ווײַנען קען אין נאַכט־געלויער
דין צעצויגן און פאַרשמאַכט;
ווײַנט אַ גלעקל אין אַ טויער —
ווער זשע קלינגט עס שפּעט בײַנאַכט?!

ווײַטער שאָרך ווערט וואו פאַרלאָרן,
ס׳טויכן אויף נאָנט שווערע טריט;
פון דעם ראָג אַ שכור פּאָרל
שאַרט אַרוים זיך לאַנגזאַם, מיד.

ס׳פירט די נאַכט אויף מיטן ברוק זיי
ברייט צעוואַקלט און צעוויגט
צו אַ הײַזל אויפן בוגאַי
מיט אַן אויסגעקרימטן שטיג.

ווײַנען נעכט, ווי קען אין לויער,
טירן סקריפּען בייז און וואך;
אויפן בוגאַי אין אַ טויער
ווײַנט אַ גלעקל אין דער נאַכט.

## יב

שפּעטע שעה. אין פֿאַרנעם דרויסן
האָבן הענער זיך צעקרייט.
נאַכט אויף דאַך פֿאַמעלעך גוססט.
קוים אַ ווינטל ערגעץ ווייט.

קיל די בלויקייט פֿון באַגין איז,
בלוי די קילקייט פֿון דעם טוי.
ביי דער ווייסל מאַנדאַלינעס
כליפּען אומעטיק אַזוי.

טוליען פֿאַרלעך זיך צעוועקטע,
לעצטער גלעט און לעצטער קוש;
ס'האָט די ווייסל ווי באַדעקט זיך
מיט אַ גרינלעך-בלויען פּלוש.

קיל די בלויקייט פֿון באַגין איז,
טויאיק-דורכזיכטיק און קלאָר.
לעצטער כליפּ פֿון מאַנדאָלינעס,
לעצטע בלאַנדזשענדיקע פּאָר.

## יג

פריילעך שפּילט אַ מויל־האַרמאָניק,
לעשט זיך, גוססט אין דער ווייט.
ס'שווימט אַ ניגון מאָנאָטאָניק —
דאָ פאַרחלומט, דאָ פאַרשייט...

פון דער פראַגער זייט פאַרביסן
בילן הינט אַפּ אויף צוריק.
ס'לאַכט אַ מיידל פרעך־פאַררייסן,
און אַ צווייטע — היים־פאַרשטיקט.

מענער־שטימען גראָב־צעשטיפּטע
הילכן הפקר אַפּ און הויל;
אויפן ברעג אין זאַמד — אַ שיפל,
און אין שיפל — אַ געקנויל...

לעשט אין ווייט זיך די האַרמאָניק,
באַנג־צעצויגן און פאַרקלעמט;
אַ בלאַס פּענעצל לבנה.
הענגט ביים הימלראַנד פאַרשעמט.

## יד

דו, מיין ליבער ברעג פון ווייסל!
נישט נאָר שטיפעריש, מיט פרייד,
נישט נאָר שפּילעוודיק, מיט מעשיות,
האָט דער אָוונט דיך פאַרזוויט.

פון דעם שלאָס ביז צו מוראַנאָוו,
ביז צום ציטאַדעל אַראָפּ —
קאָלט פּאַרטייעט, ווי אַ גנב,
טראָגט די נאַכט איר בייזע גאָב.

קאָפּ צו קאָפּ אין זאַמד פּאַרטוליעט,
ווער באַהאַלט זיך דאָרט געהיים?
נישט פאַרליבט און נישט צעהוליעט,
ס׳זוכט אַ מענטש אין זאַמד אַ היים.

אים אַ בעט דער פייכטער ברעג איז
און אַ צודעק אים דער ווינט,
ביז ס׳וועט אים פון זאַמד-געלעגער
בלוי אַ שמיץ טאָן דער באַגין.

דו, מיין ליבער ברעג פון ווייסל,
ברעג פון אומעט און פון פרייד!
נישט נאָר בלויז מיט ליבע-מעשיות
האָט דער אָוונט דיך פאַרזוויט.

## טו

ס׳רעדט די שטאָט מיט קולות טעמפּע.
רעדט מיט ערשטן טריט-געפּויק,
ערגעץ הינטער סאַסקע-קעמפּע
מאַכט דער טאָג שוין אויף אַן אויג.

דין אַ פייגעלע צעשרייט זיך,
ס׳וויגט די לופט זיך קיל און פייכט.
זון גייט אויף: מיט פייער-גרייצערס
דורכגעבויערט איז דער טייך.

קוים פאַררויכערט מיט אַ נעפּל,
דרימלט בלוי נאָך פּראַגער זייט,
ווייט לאַמטערן-פלעמלעך שטעפּן
זילבער-נעט אויף בלויען זייד.

שיפלעך, דאַמפּערס, שורות טראַטוועס,
אָנגעוואָרפן ווי אַ ראַמש,
ליגן פאַרביק צוגעלאַטעט
צו דער ווייסלס זילבער-זאַמש.

## טז

ס'פּאַכן ווינטיק־אויפגעפּלאַשעט
בוימער־קעפּ אנטקעגן טאָג:
מיט לאַמטערנס אויסגעלאָשן
קריכט פון נאַכט אַרויס דער ראָג.

קריכט מיט פּלויטן נענטער, נענטער,
שאַרט מיט ווענט זיך אין באַגין.
ליגט אַ געסעלע געפּענטעט,
נישט אַהער און נישט אַהין.

קוקט מיט פענצטער שמאָל־צעשיקלט
צום אַרויף, וואו, מעשה פאַן,
יוסט צעלייגט און זון־פאַרשיכורט,
שטייט אין וועג איר ברייט אַ וואַנט.

יאָגט אַ ווינט זיך איבער פּלויטן
און פאַרדרייט זיך אויפן ראָג;
איבער גאַסן קוים צעבלויטע
טראָגט זיך רוישיק שוין דער טאָג.

## יז

פון קדמונים איז די שנאה —
ליגט אַ גועסל קרום און שמאָל,
קוקט מיט קנאה אין באַגינען
צו דער וואַנט אַרויף פון טאָל.

אויבן דאָרט, אויף גאַרנס ברייטע,
ברענט עלעקטרע גאַנצע נעכט.
ראַש צעטאַנצט און צעטרומייטערט
שרייען פענצטער ליכטיק־פּרעך.

אונטן ליגט פאַרקנוילט דאָס געסל,
שווער געהויקערט פון איר לאַסט.
שטיבער נידעריק־צעפּעסלט
קוקן־אָן די וואַנט מיט האַס.

אין דער פרי צעסקריפּען טירן,
אין דער פרי — מיט שווערן טראָט.
הויבט דאָס געסל אָן זיך רירן,
ווי עס וואָלט דער וואַנט געדראָט.

אויסגעצויגן, ווי אויף שטאָלצן,
קריכן דעכלעך פיינטלעך-קרום,
נאָר די וואַנט מיט פענצטער שטאָלצע,
קוקט זיך חוזקדיק אַרום.

טוליען דעכלעך צו זיך נענטער,
טירן סקריפּען בייז און שווער —
ליגט אַ געסעלע געפּענטעט,
נישט אַהין און נישט אַהער.

## יח

קלינגען קלויסטערס אויפן מקום*)
באַנג און ציטערדיק געוועקט.
כאַפּט זיך אויף אַ גלאָק אַ זקן,
גיט פון שלאָף אַ קלונג מיט שרעק.

„בום—ם!" און „בו—ם!" די וועלט איז זינדיק,
ברומט ער אויף זיין קופּער-באַס.
הערן איין זיך סטריכעס בלינדע,
הערט פאַרשלאָפן צו די גאַס —

ווי פון הינטער פלויטן ברייטע
אין דער בלויקייט פון באַגין
קלינגט אַ קלויסטערל אַ צווייטער,
קינדערש-הילפלאָז, דינטשיק-דין:

„דזין-דזין-דזין" — מיט קלינגל-ציטער
וויינט ער ווי אַ קינד פאַרטאָג.
ענטפערט פלוצלינג אָפּ אַ דריטער
מיט אַ סאַמעט-גלאָק פון ראָג:

*) אַלט-שטאָט אין וואַרשע

„באָם-באָם, באָם-באָם" — וויינט ער, טוליעט.
יעדער קלונג — אַ מאַמע-גלעט.
די קופּאָלן, ברוסטיק-פּולע,
ציען אוים זיך צום געבעט.

צאַפּלען, פלאַפּלען קופּער-גלאָקן
אין פרימאָרגן-איבערקלאַנג.
ס'קלינגען קלויסטערס אויפן מקום,
און דער עכאָ ציטערט באַנג.

## יט

נאָר סירענעס רעווען העכער —
העכער שטייגט פון טאָג דער רויש.
בלאַנדזשען קלונגען אום אויף דעכער,
בלאַנדזשען עלנט און אַנטוישט.

שטאַרבן אָפּ פאַרפרעמדט-פאַרלאָזטע
אין אַ ווינקל פון אַ דאַך.
אונטן רעדט מיט קולות פּראָסטע
האַרטע גויט איר זאָרגן-שפּראַך.

און דער טאָג פאַרטייטשט איר לשון,
זעצט עס איבער צום פאַרשטיין —
אויף דעם קופּער-קלאַנג פון גראָשנס,
אויף אַ קינדערשן געוויין.

ווינקט מיט ברויט און מיט קאַרטאָפל
פון אַ טירל אין אַ קלייט,
קאָן דאָס געסל מער נישט שלאָפן,
כאַפּט זיך אויף מיט טריט און רייד.

רייסט מיט קולות זיך אַלץ העכער,
קריכט צום דאַך אַרויף צערוישט.
שטאַרבן קלונגען אָפּ אויף דעכער,
שטאַרבן עלנט און אַנטוישט.

## כ

אַז עס שטאַרבן גלאָקן-קלונגען —
וועמען אַרט עס? וועמענס זאָרג?
ס'גייען קינדער אויס פאַר הונגער —
ווער וועט געבן ברויט אויף באָרג?

שטייען פרויען אין פאַטשיילעס
אויף די שוועלן פון די טעג
און די ציטער-פינגער ציילן
לעצטע גראָשנס פון פאַרמעג...

מאַכן חשבון נאָך, פאַרשלאָפן,
ביי דעם קלייטל אויפן ראָג:
צי וועט קלעקן אויף קאַרטאָפל?
און דאָס ברויטל אויפן טאָג?

הינטער זיי שפּאַנט נאָך דער הונגער,
יאָגט מיט הינטיש-בייזן טראָט.
שטאַרבן אָפּ די גראָשנס-קלונגען
אין דעם קרעמערשן שופלאָד.

# דער געזעל

אין אַ פֿענצטער אַ קאַנאַריק
פֿון אַ שטייגל פּייפֿט צעטרעלט,
אויפֿן פֿענצטער, מאָדנע נאַריש,
הענגט אַ לאָדן, הערט און קוועלט.

צוגעטוליעט און פֿאַרצאַפּלט,
אונטער ווענט צעגאַרנט שווער,
שטייט אַ הייזעלע אַ מפּיל,
אַ פֿאַרטערל, גאַרנישט מער.

פֿון אַ פֿענצטער פֿון פֿאַרטערל,
דורך גאַרדינען ברייט צערוקט,
שיטן זיך אין געסל טרעלן,
ווי די קרעלן, אויפֿן ברוק.

אין דעם שניידערשן וואַרשטאַטל
הערט פֿאַרחלומט דער געזעל:
קען די הויזן נישט פֿאַרלאַטען,
ווי פֿאַרכשופֿט פֿון דעם טרעל.

דרייט די נאָדל מיט דעם פאָדעם,
זוכט אין הויזן דעם געזעם, —
אויפן פענצטער קוועלט דער לאָדן,
רויט פון חדווה גליט דער פרעס.

אויפן מאַרק הענגט נאַכט שוין כמאַריק,
אַ לאַמטער צינדט אָן זיך העל.
ס'שווייגט פון לאַנג שוין דער קאַנאַריק,
נאָר עס טרוימט נאָך דער געזעל...

# דאָס ליד פון סדום

פאַרקוקט צו סדום, מיט בענקשאַפט אין דעם בליק,
מיט אויסגעשטרעקטן פוס אַ שפּרייז טאָן גרייט —
צוריק —
זי שטייט —
מיט אויסגעדרייטן קאָפּ ווי נאָך פאַרוואונדערט אַלץ —
אַ זייל פאַרגליווערט זאַלץ — — —

אַט צוקט נאָך דוכט זיך אויס דער אויסבויג פון איר האַלז,
נאָך ציטערט אַלץ דערשטוינט איר בליק צעעפנט ברייט;
נאָר שטיינערדיק פאַרשטומט אַזוי און בלינד,
וועט נישט אַ רים טאָן זיך איר האַנט אַצינד,
וועט נישט אַ שפּרייז טאָן שוין איר פוס צום גאַנג געשווינד,
נאָר גלייכגילטיק, אָן פרייד אַזוי, אָן שרעק,
זי וועט שוין אייביק שטיין פאַרגליווערט דאָ ביים וועג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער גליענדיקער, שרפהדיקער ווינט
טראָגט אום פון סדום דעם אָטעם-ברי פון זינד
און זוכט די טריט פון יעדן, וואָס אַנטרונען איז, אַוועק,
און יאָגט אים נאָך דורך אַלע נעכט און טעג
און זוכט אים אָפּ אין טונקל און געפינט
און סמט די בלוטן אָפּ און מאַכט די גלידער שווער
מיט בריענדיקן אָטעם פון דעם טריפהנעם באַגער.

און אין דער נאַכט צעשפּילט,
מיט שאָטנס טונקעלע פאַרהילט —
ליגט שכור לוט — — —
זיין לאַנגע באָרד שטיפט קודלעוואַט און רויט
מיט זיינע טעכטערס בריסטן און מיט אויפגעדעקטער שויס.
זיי וואַרטן זיינע טעכטער מיט די לייבער פרעך־אַנטבלויזט
און שמייכלען אַזוי סודותדיק און הפקר אין דער נאַכט,
מיט אַפּלען גרין־בורשטיניקע דורך וויעס האַלב־פאַרמאַכט,
און ס׳זינגט דורך זייער בלוט-געדויש די צייטיקייט פון לייב,
די אָנגערייפטע מיידלשאַפט, וואָס גאַרט צו ווערן ווייב.
און ס׳פלאַטערט אַלץ אַרום פון סדום אַ רויטער אומרו-שיין,
אויף נישט דערזויפטע נאָך, פאַרשפּריצטע לאָגלען וויין,
און טליעט פלוצלינג אויף און צינדט זיך אָן אין בליק,
און פלאַקערט אויף אין בלוט — מיט פרייד פון סדום צוריק — — —

און אויף דעם שייטער-קויל ביים אָפּגעאַשטן פלאַם
נאָך בראָטן זיך פון נאַכטמאָל שטיקער פלייש פון לאַם.
עס טשאַדעט זיך דער פעטס. מיט קילן סעלעדין
קלעקט אָפּ דעם גלי פון הייסער נאַכט דער בלייכלעכער באַגין.
ס׳האָט אַלץ די נאַכט פאַרמעקט, פאַרדעקט. די קוילן גליען אָפּ.
מיט קופּער צוקט פון שלאָף אַצינד אַ שכורער לוטס קאָפּ.
די טעכטער נאָר זיי שמייכלען אַלץ מיט אַפּלען פון בורשטין,
מיט לייבער שוין געזעטיקטע, וואָס בלייכן אין באַגין,
זיי שמייכלען אַזוי סודותדיק מיט דורכזיכטיקן בליק
און זינגען מיט די בלוטן אוים דאָס ליד פון סדום אַצינד,
וואָס אויפגיין און אַנטפּלעקן זיך וועט אויפדאַסניי, צוריק
דורך זייער לייב געצייטיקטן — מיט ערשטן שריי פון קינד.

און אויף דעם וועג קיין סדום אין בלויקייט פון פארטאָג
מיט גליווערדיקן בליק
און אויסגעשטרעקטן האַלז —
זי שטייט פאַרקוקט אַלץ
א ו י ף צ ו ר י ק —
אַ זייל פאַרגליווערט זאַלץ — — —

# יצחקס ברכה

עס טונקלט שוין. עס ברוינען שטויביק בוימער,
די ווייטקייט בערגלט זיך ביים מדבר־ראַנד פאַרבלויט.
ערגעץ טרוימט שוין אויף זיין שוועל דער טרוימער,
ערגעץ וואַרט שוין פאַר דעם שוועל דער טויט.

און יצחק אַנט מיט זיקנה-אויגן בלינדע,
מיט בעלמע־אַפּלען מאַטע שטוינענדיק פאַרטראַכט,
ער זעט אין דמיון, ווי עס וואַרטן זיינע זין דאָ
אויף גרויען שוועל, צווישן טאָג און נאַכט.

אַט איז אַ טאָג געווען, געפלאַטערט אַזוי נאַנט דאָ,
איצט קומט אַ נאַכט צו גיין, קען זיין צום לעצטן מאָל,
נאָר ווי זשע האָט זיך היינט אַלץ וואונדערלעך פאַרפּלאָנטערט
אי עשוס הענט, אי יעקבס זיסער קול . . .

זאָל זיין ס׳איז בלינד זיין אויג, נאָר ס׳איז נישט בלינד זיין ברכה,
וואָס אויב אפילו נאָר צו זיין אַ טרוים איז איר באַשערט
וועט פאַרט פון היינט שוין אָן דעם טרוימערס ק ו ל באַיאָכן
ד י ה אַ נ ט פ ו ן ה אַ ר י ק ן , וואָס שטיצט זיך אויף זיין שווערד.

מעג עשו יאַמערן, מעג עשו ווילד זיך ווערן
אַ חיה, וואָס איר שפּרונג געצוימט האָט אומגעריכט אַ נעץ.
דאָס צייכנט אויף די נאַכט מיט גרינעם קריץ פון שטערן
אויף הימל־לוחות אייביקע לדורות אַ געזעץ.

און יעקב אַנט דעם רוף, דעם גרינעם וואונק פון שטערן,
וואָס צייכענען זיין גאַנג מיט פינקלענדיקער שריפט.
אַ ציטערדיקע האַנט באַרירט זיך צו זיין שטערן,
אַ צאַרטע מאַמע־האַנט מיט טרערן היים באַטריפט.

— אָ, קינד מיינס, הער זיך צו! דו זאָלסט די שטערן פאָלגן,
ס'איז עשום ווילדער ברום, וואָס גייט אויף פון דעם וואַלד,
ער וועט מיט פייל און בויגן שטענדיק דיך פאַרפאָלגן,
ד י י ן קול איז רו און טרוים, ז י י ן שטים איז רויב און גוואַלט!

טאָ פאָלג מיין זון, און גיי! ס'איז שווער דער וועג פון וואָגל,
נאָר ס'וואַרט אויף דיר דאָך פאַרט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד —
זי טראָגט אים ברויט אַרויס און וואַסער אין אַ לאָגל
און זעגנט אים ביים שוועל מיט ציטערדיקער האַנט.

עס רוישט די נאַכט. דער אורוואַלד ברומט און צאַרנט.
דורך שאָטנדיקן לויער לויפט דער וועג אַרויף, אַראָפּ,
און יעקב גייט — ער גייט דעם וועג קיין חרן
און ס'טריפט מיט הימל־טוי דער מילכוועג אויף זיין קאָפּ...

# עס נאַרן אָפּ די וועגן דיר...

עס נאַרן אָפּ די וועגן דיר, וואָס פירן דאָרט קיין חרן,
זיי נאַרן אָפּ מיט הימל-טוי און טרוים פון פעטער ערד,
און האָסטו יעקב איינמאָל נאָר דיין רו-געצעלט פאַרלאָרן,
ווערסטו אומזיסט שוין זוכן איצט דאָס לאַנד, וואָס איז באַשערט.

די וועלט וועט דיר אַנטקעגן גיין מיט חוזק-בליק און ליגן,
מיט פרעמדע גלייכגילט-שוועלן, וואו עס וואַרט ניט קיינער אָפּ,
נאָר שטיינער אין דעם מדבר וועלן אפשר זיך צוקריגן
אויף וועמען זאָל דער וואַנדערער אַוועקלייגן זיין קאָפּ.

און אויב עס וועט אין פלאַטערדיקן שימער פון אַן אָוונט
דער כשוף פון אַ רחל-אויג פאַרנאַרן דיך געהיים,
און ס׳וועט דיר שפּעטער האָלזנדיק מיט פאַלשע אָרעמס לבן,
פאַרשפּילן דיינע טרוימען מיט דער פרייד פון זאַטער היים,

זיי אָפּגעהיט, זיי נאַרן אָפּ די אָוונטן אין חרן,
און אָפּגעסמט מיט ליבע זיינען ברונעמס דאָרט פאַרנאַכט,
ווייל ס׳קען אַמאָל דיין שענסטער טרוים מיט שווערע זיבן יאָרן
פאַרמשכנט זיין צום חסד פון באַטריגערס פאַלשע מאַכט.

מיט לאהם קראנקע אויגן וועט זיך רויטלען דיין באגינען
און ס׳וועט דער טאָג פארשטויבן דיך מיט לבנם גלייכגילט־שפּאָט,
ער וועט דיך תמיד נאָכיאָגן און ערגעץ־וואו געפינען,
און מיט פארדאכט ארומטאפּן, און זוכן פרעך זיין גאָט.

און תמיד וועט דיין בענקשאפט וועט זיך דאָרשטיק־מיד שווין ציען
צום בלויען קוואל פון אָוונט־טרוים, צו רו פון א געצעלט,
וועט רויט־באטריפט א פלאטער טאָן די הייס־פארצוקטע שקיעה,
ווי יוספס בלוטיק העמדעלע, געבראכט פארנאכט פון פעלד.

נאָר אפשר דאַן ווען אין דיין בליק שוין מיד און אונטערטעניק
וועט הארבסטיקייט א שאָטן טאָן מיט שפּעטן שיין פון זון,
וועט אומגעריכט באווייזן זיך דער ניט דערווארטער קעניג,
וואָס האָט געלאָזט דערקענען זיך — דיין יונג פארקויפטער זון.

דיין זון, וואָס האָט ווי דו געזוכט באשייד פאר די חלומות,
נאָר האָט אין וואָר פארוואנדלט זיי מיט הערשנדיקער האנט,
און ס׳וועט א ווייל א שימער טאָן א טרוים, וואָס ניט דיין טרוים איז
און ס׳וועט דיין אומעט נידערן מיט דיר צו אים אין לאנד.

# יוסף דער בעל החלומות

דער טרוימער מאַכט די אויגן צו און ס'ווערט די וועלט אים שיין.
ער חלומט אויף דער וואָר אַזוי און אַלע מענטשן שטוינען.
נאָר זעלטן ווער פון זיי וועט אויף אַן אמת אים פאַרשטיין
און ס'קען אַמאָל אַ ברודער גאָר נאָך ווערן אים אַ שונא...

וועט איינער פלאַנצן ביימער און וועט אָפּהיטן זיין שטוב,
אַ צווייטער וועט די וועלט גאָר גיין מיט אייגן בלוט באַפרייען.
און א י ם גאָר, אָט דעם טרוימער, איז באַשערט אין שלאַנגען-גרוב
אַנטפּלעקן זאָל זיך דאָרטן אים דער סצעפּטער פון מצרים.

איז זיין וועט דעמאָלט גאָר אַזוי: מיט ר ו י ט ווי כלומרשט בלוט
וועט אָפּנאַרן זיין ט ר ו י ם די וועלט ווי יעקבן דאָס העמדל
און ער אַליין וועט אויפגיין גאָר מיט קעניגלעכן רוט
צו זיין דער האַר פון ו ו י ר ק ל ע כ ק י י ט אין שקלאַפן-לאַנד אין פרעמדן.

קען זיין, אז פאַר דעם טרוימען איז פאַראַנען אזא לוין,
קען זיין פאַר פותר חלום זיין קומט יאָ אזא באַצאָל אים.
נאָר איך וואָלט נישט פאַרביטן אויף קיין גאָלד פון קיין שום קרוין
דעם פינקלענדיקן גינגאָלד פון מיין אויסגעבענקטן חלום.

ווייל טויב וועט זיין מיין אויער צו דעם גאָלד־קלונג פון באַצאָל
און טונקל זיינען פאַר מיין אויג די אוצרות פון מצרים.
איך וויל דעם קופּער ליבערשט פון מיין דורותדיקן קול,
מיין אומרו־ווי דעם יידישן, וואָס פון מיין בלוט טוט שרייען.

און ס׳וויל מיין טרוים נישט גיין שוין מער מיט פרעמדער וואָר אין שפּאַן,
און ס׳וועט מיין בלוט נישט זיין שוין מער צו זייער פרייד געהאָרכזאַם.
צו אַלע פ ר ע מ ד ע  ו ו אָ ר ן ,  וועלכע זיינען נאָר פאַראַן,
גיי איך אַזוי אַרוים היינט אויף דאָס ניי זיי  פּ ו ת ר  ו ו אָ ר  ז י י ן !

ווייל איך וועל מער נישט נידערן צום פרייד פון קיינעמס לאַנד!
דורך מדבר־זאַמד א מידער טראַג איך איצט צוריק מיין חלום,
— ווי יוספס לעצט געביין אַמאָל — צוריק צו  י ע נ ע ם  ר א נ ד,
פון וואַנען כ׳האָב צו ווייטער פרעמד געבראַכט מיט זיך אַמאָל אים.

## יעקבס געראַנגל מיט דעם מלאך

ס'האָט ביז צום גרונט אויף אַש געהאַט דערברענט שוין סדום,
מיט רויך און טשאַד דערטליעט האָט אַ זינדיקער יאָרהונדערט,
און אַלץ וואָס יעקבן דערציילט דער זיידע האָט אברהם
געטראָגן אויף זיין פּנים האָט ער שטרענג און בלייך-פאַרוואונדערט.

דער וועג וועט אַזאַ ווייטער זיין, די וועלט איז גרויזאַם-גרויס,
די נאַכט וועט אים מיט שטיינער אויסבעטן צוקאָפּנס,
ער איז אויף שטענדיק שוין פון טאַטנס שטוב אַרויס —
קען זיין צום לעצטן מאָל — מיט הייסע טרערן-טראָפּנס.

אַרום איז פרעמדע נאַכט און שוועבנדיקע שרעק.
פון הינטן לויערט אַלץ מיט הענט באַהאָרטע עשו,
נאָר אים רופט בלוי די ווייט, ער וויל דערגיין צום ברעג,
צום ווייטן זילבער-ראַנד פון שטערנדיקן אין-סוף.

די שטערן זיינען ווייט און ווינקען אין די נעכט,
און גרוים אַט ווי זיין בענקשאַפט איז דער אייביקייט־מהלך,
און ערגעץ וואַרט אויף אים געראַנגל און געפעכט,
און ערגעץ וואַרט אויף אים דער שטרייט מיט עשוס מלאך.

דער שטרייט ער ציט זיך לאַנג, ס'איז קלאָר אים זיין באַדייט,
די שנאה גייט אים נאָך, פאַרפאָלגט אים נאָך פון וויגל,
נאָר דאָ ביים יבק־ברעג וועט ער אַרוים צום שטרייט
ער וועט ביז בלוט זיך ראַנגלען מיט דעם מלאכס ברוינע פליגל.

אַז ניט, אַז ניט וואַכט סדום אויף — אויף צוריק,
וואַרט אַפּ מיט הענט מיט בלוטיקע פאַרטייעט ערגעץ עשו —
און יעקב האָט דעם מלאך אין דעם שווערן שטרייט באַזיגט,
נאָר לאָם געבליבן שטיין ביים זילבער־ראַנד פון אין־סוף.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך זע נאָך אַלץ זיין גאַנג, זיין אויסגעלינקטן טראָט,
וואָס וואַנדערט איבער בלעטלעך אום פון סודותפולן חומש,
פון מיינע קינדער־טעג אַ ווייטער זיסער סוד,
וואָס בלאָנדזשעט אין מיין בלוט אַרום און גיט מיר אַלץ קיין רו נישט.

ווי ער פון טאַטנס שטוב אַזוי בין איך אַוועק
פון חומש־לאַנד דעם קינדערשן, מיט געלב־פאַרשטויבטע בלעטלעך,
מיין היים האָב איך פאַרלאָזט, די שאָטנדיקע שרעק,
דעם נאָגנדיקן אומעט פון די האַרבסטיק־פייכטע שטעטלעך.

מיך רופט דער אין-סוף וואו, דער מילכוועג אין די נעכט,
איך אייל זיך צו מיין ציל, אַט שטייג איך און אַט פֿאַל איך,
און ערגעץ וואַרט אויף מיר דער זעלביקער געפּעכט —
דער שטרייט דער ניט פֿאַרענדיקטער מיט עשׂו מלאך.

זעט אויס, אַז ס'איז אַזוי געווען מיר באַשערט,
דורך נעפּלדיקע דורות. זאָל פֿון לאַנד ארם נהרים
פֿאַרבלאָנדזשען דאָ אַהער אויף קאַלטער צפֿון-ערד
דער אַלטער גרויסער שטרייט, וואָס דאַרף מיך איצט באַפֿרייען.

אַז ניט, אַז ניט וואַכט ווידער אויף אַ סדום,
זיין גליענדיקער אָטעם גייט מיט ברוינע פֿלאַמען היים אויף,
איך וועל זיך שטעלן היינט ביים אויפגעברויזטן תהום
צום לעצטן, גרויסן שטרייט אַנטקעגן ברוינעם עשׂו.

איך פֿיל זיין פֿליגל-פּאַך, זיין לעסטער-קול, וואָס שרייט,
מיין האַרץ גיט זיך אַ ריס מיט שׂנאה היים און הילכיק,
איך וועל באַזיגן אים און דורך דער בלויער ווייט
אַרויפֿגיין הויך און שטאָלץ צום שטערנדיקן מילכוועג.

# יעקבס חלום

אברהם און ריקל בארנשטיין געווידמעט

דאָס איז געווען אין אַ בלויער חומשדיקער נאַכט
ווען וואונדער וואַרטן אַף דעם דורכגייער און לויער,
דעם שפּעטן מידן וואַנדערער, וואָס חלומט אויף דער וואָך
און פילן זיינע לאַגלען אַן מיט זיסן אוונט־טרויער.

איז יעקב אין אַ נאַכט אַזאַ געבליבן פּלוצלינג שטיין.
די בענקשאַפט האָט געפאַנגען אים, פאַרוויגט מיט בלויען קול אים,
ער האָט דעם קאָפּ אוועקגעלייגט אַ מידן אויף אַ שטיין,
און האָט אין שלאָף געזען אַ וואונדערלעכן חלום.

אַ לייטער שטייט אויף דר׳ערד און ביז צום הימל גרייכט זיין קאָפּ,
און איבער אים אויף שטאַפּלען ס׳איילן זיך מלאכים —
און ווער עס גייט אַרויף און ווער עס גייט אַראָפּ
מיט לעצטן אָנמאַכט־וויי פון פליגלדיקן פאַכן.

איך ווייס נישט וואָס האָט יעקב אין זיין חלום דאַן געטראַכט
און שפּעטער שוין, באַגינען, ווען פאַרשוואונדן לאַנג זיין טרוים איז,
דאָס איז דאָך אַלץ געווען אין אַ חומשדיקער נאַכט,
וואו מענטשן גייען אום געאָרעמט מיט חלומות.

נאָר מיר וואָס איז באַשערט געווען צו לעבן אין אַ דור,
צו זיין דער זון פון זינדיקסטן, דאָך הייליקסטן יאָרהונדערט,
איך האָב זיך אַלץ געלערנט צו פאַרשטיין די גרויע וואָר,
און האָב דערפילט דעם גאַנג פון קומענדיקע וואונדער.

ווייל ווער עס האָט געבענטשט אויף אַ שטיין אַמאָל אויף דר׳ערד
און האָט די נעכט געטיילט מיט שריפה-שיין און שטערן
וועט אויסלעשן אין אויג ביי זיך די אַנגעגליטע טרער
און וועט דורך טויבער נאַכט דעם טראָט פון טאָג דערהערן.

און איך, וואָס טראָג אין בלוט אַרום דעם אוראַלטן געוויין,
דעם גורל-קרעכץ פון דורות וואָס האָט איינגעוויגט מיין וויגל,
כ׳האָב וואַרהאַפטיק געזען דעם וואונדער-לייטער שטיין,
און האָב אַליין זיך אָנגעטאָן די פלאַטערדיקע פליגל.

איז גיי איך איצט אַרויף, אַרויף מיט אויפגעשיינטן גוף,
מיט מיר גייט מיט אַ נייער דור צום העכסטן, לעצטן שטאַפל,
און ס׳גייט אַ וועלט אַראָפּ, און עס גייט אַ וועלט אַרויף
מיט אויסגעבענקטן פאָך פון פליגלדיקן צאַפל.

איך ווייס ניט צי האָט יעקב פון זיין חלום ווען געטראַכט,
איך ווייס ניט צי וועט שפּעטער ווער דערמאָנען נאָך אַמאָל אים,
נאָר איך האָב אויך געזען אים, אין אַ שווידערלעכער נאַכט,
דעם לייטער שטיין אויף דר׳ערד, — אין וואָר און נישט אין חלום.

1943

# מיט קינדערשע אויגן



# זיי האָבן אַלע...

זיי האָבן אַלע מיר געדעדט דיזעלבע רייד:
— וואָס טויג עס דיר זיך חברן מיט שטערן,
עס וועט דיין הארץ נישט אויסהאַלטן אַזויפיל פרייד,
עס וועט דיין הארץ נישט אויסהאַלטן אַזויפיל טרערן! —

די ערשטע האָט מיין מאַמע דאָס געזאָגט,
און שפּעטער זי שוין פון מיין לעצטער ליבע,
און ס'האָבן שכנים שטענדיק זיך געקלאָגט:
— ער וועקט ביינאַכט מיט אומרו-טריט אונדז איבער! —

און איך אַליין האָב אויך צו זיך גערעדט:
— וואָס טויגן דיר דו נאָר איינער די שטערן! —
נאָר ס'האָט פאַרעקשנט זיך דאָס הארץ פון אַ פּאָעט
און ס'וועט מיין הארץ שוין קיינעם מער נישט הערן.

# די וועלט

איך בין נאָך אפשר אַלץ דאָס נייגיריקע קינד,
וואָס זעט די וועלט מיט אויגן מילד-פאַרוואונדערט,
און חידושט זיך, און שטוינט אויף אַלץ וואָס עס געפינט,
און פרעגט זיך צען מאָל אום ביי יעדערן באַזונדער.

די וועלט איז נאָך פאַר מיר אַ פרעמדע, גרויסע שטאָט,
וואו כ׳דריי ארום זיך אַ פאַרטאָמלטער פראָווינצער.
וואו יעדער פנים איז אַ פענצטער פול מיט סוד
און יעדער פרעמדער בליק — אַ געסל אין דער פינצטער.

און יעדער נייער טאָג איז ווי אַ פרעמדע טיר,
וואָס קען זיך ליכטיק-ברייט מיר געבן אַ צעעפן.
און ס׳קען גאָר זיין אומזיסט מיין וואַרטן הינטער איר,
איך וועל דאָרט אָנקלאַפּן, נאָר קיינעם שוין נישט טרעפן.

שטאָקהאָלם 1947

# מיין ערשטער פרימאָרגן

איך בין נאָך דאַן געלעגן אין מיין טונקלקייט פאַרבאָרגן,
ווי זי די וועלט אַרום מיר אין איר נעפלדיקן רוים,
נאָר כ׳האָב צו דיר געצויגן זיך, מיין זוניקער פרימאָרגן,
דורך ווינדעלעך פון נאַכט, דורך שלייערן פון טרוים,
פון אָפּגרונטן פאַרשאָטנטע, מיט דעמערדיקן שימער,
ביז כ׳האָב דערזען דיך פּלוצלינג אין דעם פענצטער פון מיין צימער
א שטראַליקן, אַ גאָלדענעם אויף צווייגן פון א בוים . . .

און ווי אַ וואַסער-בלום, אַ בלאַסע,
וואָס ציט זיך ווי אַ קנאָספּ נאָך מיט איר ציטערדיקן גוף
אַרויף,
אַרויף
פון ליימיק-קילן דעק
דורך פּאַליעדיקע נעכט און טעג
צום אויפגעשיינטן אויבערפלאַך פון וואַסער,
ביז אומגעריכט דערפילט זי אָט דעם ברי
דעם ערשטן קוש, דעם זוניק-הייסן גלי,
אַזוי האָב איך זיך אויך פון טונקלקייט באַהאַלטן
געצויגן זיך צו דיר דורך שלייערן פון טרוים
ביז אומגעריכט דערזען דיך אין דעם פענצטער אַ צעשטראַלטן,
אַ גאָלדיקן, צעזוניקטן און אויפגעבלויטן רוים.

און דאָס איז דאָך געווען אַט מיין ערשטער אינדערפרי,
דער ערשטער און דער שענסטער פון די אַלע אינדערפריען,
ווען ס'האָט אַ וועלט אַ פרעמדע נאָך אינגאַנצן פון נישט הי
זיך אָנגעהויבן נאָנט אַזוי און היימיש צו מיר ציען,
ווען ס'האָט דער גרין מיר אויפגעשיינט צום ערשטן מאָל מיט גרין
און זים ווי מער שוין קיינמאָל נישט צעזשומט האָט זיך די בין,
און ס'האָט דער בעז צום ערשטן מאָל זיין ריח מיר פאַרטרויט,
און ס'האָט פאַר מיר דער הימל זיך אויף אייביק דאָן צעבלויט...

מיין הארץ נאָך דאָן אַ קליינס, אַ קנאָספּעלע די גרויס,
געצאַפּלט, האָט געריסן זיך, געוואָלט אַרויס, אַרויס
ווי ס'רייסט זיך שוין אַ רייפער, אויפגעפּוישטער יאָדער,
דורך האַרטער הויט, דורך דורכגעברוינטער שאָל.
אַט פיל איך נאָך אַצינד דעם צוק אין יעדן אָדער,
דעם צאַפּל פון מיין האַרץ, וואָס פלאַטערט אין מיין קול.
און יענע פרייד, וואָס גייט מיר נאָך פאַרבאָרגן
און העלט פון מיר אַרויס אין נעפלדיקן רוים,
דער זינגענדיקער גלי פון זוניקן פרימאָרגן
אין פענצטער פון דער וועלט צווישן וואָר און טרוים.

# מיט קינדערשע אויגן

די וועלט ווי כ׳האָב זי געזען,
מיט מיינע נאָך קינדערשע אויגן —
זי איז נאָך קיין וואָר ניט געווען
און איז ווי אַ חלום פאַרפלויגן.

געבליבן אין מיר איז נאָר טיף
דער סקריפּ פון מיין הילצערנעם וויגל,
אַ זאָרגלאָזער קינדערשער שטיף —
דער פּאָך פון פאַרלוירענע פליגל.

איצט גיי איך אָרום אויף דער וואָר
אין אַ וועלט פון פאַרשטענדלעכע זאַכן,
וואו אַלץ איז דאָרט פּשוט און קלאָר,
אָט קלאָר אַז עס ווילט זיך מיר לאַכן.

איצט ווייס איך פון זאַכן דעם ווערט
און כ׳וועל זיי ניט לאָזן פאַרבייטן;
איך ווייס אַז אַ פערד איז א פערד
און כ׳וועל אויף אַ שטעקן ניט רייטן.

און קלאָר איז מיר איצט שוין דער סוד
אין גאַנג פון מזלות און מענטשן;
און קערעווען קען איך מיין טראָט,
און וויים וועמען האַסן צי בענטשן.

נאָר ערגעץ אין לויף פון מיין בלוט
ליגט וואונדערלעך אַלץ נאָך פאַרבאָרגן,
דער שריי פון מיין ערשטער מינוט,
דער בלוי פון מיין ערשטן פרימאָרגן.

און דאָ אין די נעבט איז אַ נאַכט
ווען וואָר גייט מיט טרוים אויף אינאיינעם:
און כ׳לאַך דאַן ווי כ׳האָב נאָך געלאַכט,
און כ׳וויין — ווי אַמאָל פלעג איך וויינען.

# לבנה-רענדלעך

די לבנה אויף מיין דאַך
זילבערט אוים אַ חלום.
כ'האָב מיין פענצטער אויפגעמאַכט,
צעעפנט ווי אַמאָל אים.

זאָל איך ווי אַמאָל ארוים
אין אַ קינדעריש העמדל,
זוכן אויפן שוועל ביים הויז
אַ לבנה-רענדל?

מאַמע מיינע, מאַמע קרוין,
כ'האָב אַ שווערן ישוב:
ס'האָט געפאַנגען מיך אַ טרוים
מיט אַ זילבער-כישוף.

גיי איך נאָך אים ווי אַ קנעכט
ערגעץ פון מיין וויגל:
און ער טריפט אין מיינע נעכט —
פון זיין זילבער-קריגל.

און ער שטערנט בלוי צו מיר,
מילכוועגט ווייט, אומענדלעך:
און ער פינקלט פאַר מיין טיר
מיט לבנה-רענדלעך.

בלייב איך שטיין מיט ווי אין בליק
און מיט פרייד אינאיינעם:
זאָל איך זינגען פון מיין גליק,
זאָל איך אפשר וויינען?

מאַמע מיינע, מאַמע קרוין,
ס'איז אומזיסט מיין ישוב:
נאָר פון וואַנען איז דער טרוים
און זיין זילבער-כישוף?

## האַרבסט

ס'האָט אָפּגעבלאַנקט אין פעלד דער לעצטער סערפּ
און אָפּגעהילכט פון לאַנג דאָס ליד האָט שוין פון שניטער.
מיט עפּל צייטיקע גייט גאָלדיק אויף אין קערב
דער פרילינג-טרוים פון בוימער לאַנג פאַרבליטע

כ'וועל היינט נאָך אָנשעפּן צום לעצטן מאָל מיין קרוג
מיט וואַסער קוואַליקן פון אָוונטיקן ברונעם,
נאָר מאָרגן פרי וועט איילנדיק אַ צוג
מיך טראָגן שוין מיט רעדערדיקן ברומען.

ס'וועט בלייבן דאָ אַ שאָטנדיקע באַנק
און בלייכע נעכט מיט פאַלנדיקע שטערן,
נאָר הינטער מיר וועט ציטערדיק און באַנג
דער ווינט דער האַרבסטיקער מיין לעצטן טראָט פאַרקערן.

און נאָכגיין וועט נאָך מיר אין אויפגערוישטע שטעט,
דורך גאַסן רויִקע, מיט גליווערדיקן נעפּל,
פון מאָרגנס טויאיקע, מיט צאַרטן ווינטל-גלעט,
דער זיסער ריח פון צעשמעקטע רייפע עפּל.

אַט ליגן זיי פאַרגליווערטע אין האַרבסטיק-ברוינע קערב,
מיט ראָזער גאָלדיקייט פון טרוימען לאַנג-פאַרבליטע,
איך טראָג מיין ווייַ אַוועק, אַז אָפּגעבלאַנקטער סערפּ,
וואָס ס'האָט פון פעלד געבראַכט דער לעצטער שניטער.

# האַרבסטיקע וואָלקנס

אין טונקעלע, צעווינטיקטע פּאַטשיילעס
איילן וואָלקנס זיך, ווי יידענעס אויף שטעטלשע לויות.
זיי שלעפּן זיך צעשויבערטע פאַרזונקען אין אבלות
און קלאָגן אוים מיט רעגן־טרערן שיטערע
דעם מזל זייערן דעם פינצטערן, דעם ביטערן,
דעם גורלדיקן: ״אַזוי איז שוין באַשערט״.

בלינדע וועגט מיט פלייצעס הויקערדיקע, קרומע
האָבן זיך אַראָפּגעזעצט צו סאַמער פּייכטער ערד
און בעטלען, בעטלען גליוועדיקע, שטומע
מיט טירן טויבלעכע צו דרויסנדיקע ווייטקייטן פאַרהערט.
די בוימער וואַרפן צו מיט דאַרע צווייגן זיי נדבות,
אַלטן, מאַטן קופּער־מינץ פון בלעטער־פאַל דעם לעצטן,
וואָס בלייבט צעשאָטן ליגן אַזוי רעגנדיק באַטרערט
אויף שטיינערדיקער דלאָניע פון דעם ברוק דעם טריב־פאַרנעצטן
— צ ד ק ה  ת צ י ל  מ מ ו ת ! —

גרויע וואָלקנס פאַרגייען זיך אין גרוים געוויין,
זיי איילן זיך אויף ווייטע קבר אבות
און בלאָנדזשען אום און ווייסן נישט וואוהין צו גיין.
אויסגעקרימטע, לאַנגע פלייטן פאַרלויפן זיי דעם וועג
און פירן זיי פאַרחידושטע און הילפלאָזע אַוועק
צום שאָטנדיקן ראַנד פון נאַכט און שרעק.

# דער אייביקער ניגון

פון הינטער מיין וואַנט שטייט ביים שכן אַ וויגל,
איך קען נישט מיין שכן און נישט זיין געזינט,
נאָר ס׳גייט אויף טאָג-טעגלעך פון דאָרטן אַ ניגון
אַ מאַמע וויגט איין מיט אַ לידל אַ קינד.

איך קען ניט דאָס קינד און איך קען ניט די מאַמע,
וואָס הוידעט דאָס וויגל מיט צערטלעכער האַנט,
איך קען ניט די ווערטער פון ליד און די גראַמען,
איך קען נאָר דעם ניגון וואָס פליסט פון דער וואַנט.

אין אַלע פאַרנאַכטן, אין אַלע פרימאָרגנס,
ווען ס׳וועקט מיך פון שטילקייט אַ קינדערש געוויין,
גייט אויף דורך דער וואַנט אָט דער ניגון פאַרבאָרגן,
מיט אומקלאָרע ווערטער, וואָס כ׳קען ניט פאַרשטיין.

און ס׳וויגט זיך דאָס ליד צו דעם טאַקט פון דעם וויגל,
און ס׳וויגט זיך מיין האַרץ צו דעם טאַקט פון דעם ליד,
און כ׳פיל ווי מיין פרייד גיט אַ פאָך מיט די פליגל,
און ס׳לויפט אָן מיין קינדהייט מיט באָרוועסע טריט.

# אין צוג

מיך טראָגט דער צוג. דער האַרבסט-טאָג טונקלט.
דורך וואַלד-געפּלעכט דער הימל גיט אַ לויכט.
און רויטע בלעטער פאַלן און זיי טאַנצן מיט די פונקען,
וואָס גליען אויף און לעשן זיך אין רויך.

אָט האָט דער ווינט דעם רויך אַרום צעבלאָזן,
די וועלט אַנטבלויזט לויפט איצט אַנטקעגן נאַכט:
אין ווייסער העמד שפּרינגט אונטער אַ בעריאָזע,
אַ פליטל טאַנצט אַדורך, אַ קוימען אויף אַ דאַך.

דאָס טאַנצט דער האַרבסט צום טאַקט פון רעדער-ניגון
זיין אָוונט-טאַנץ — און פּלוצלינג אויף אַ פעלד
מיט הענט צעשפּרייט אין דר׳הויך, ווי ווינטמיל-פליגל,
אַ מענטש האָט זיך צעפּאָכט מיט גרוס פון ווייטער וועלט.

מיין האַרץ טוט זיך אַ ריס, גיט נאָגנד-זיס אַ פלאַטער,
כ׳פאַל צו צום קאַנט פון שויב מיט אויפגעפראַלטער פרייד:
— אַ, ווייטער מענטש דורך שמאָלער פענצטער-קראַטע
נעם אויף מיין גרוס אָן ווערטער און אָן רייד . . .

די שקיעה גליט ביים מערב-ראַנד געצונדן,
עס גליט מיין האַרץ ביים שמאָלן פענצטער-קאַנט.
דער מענטש אין פעלד איז לאַנג, שוין לאַנג פאַרשוואונדן,
נאָר ס׳פּאָכט נאָך אַלץ מיין פלאַטערדיקע האַנט.

# אונדזער וואָר

פון הינטער מיינע פענצטער האָט פאַרוואָרפן שוין דער טרויער
זיין שטערנדיקן זילבער-נעץ,
מיר, פאַרלוירענע אין פלאָנטערדיקן דויער,
פאַרצווייפלטע מיר וואַרטן אויפן קץ.

אַהינטער אַלע טירן, שימלדיק און שטויביק
וואַלגערט זיך אין דרויסן אַ פאַרצוקטע אונדזער וואָר,
און מיר, מיר נאַרן אָפּ זיך צביעותדיק און גלויביק
און שוואַרצן זיך מיט ליגנס אָפּ די גרויענדיקע האָר.

קען זיין אַז הינטער וועלדער פון די אָפּגעוועלקטע טרוימען
נאָך פרילינגן די לאָנקעס אַלץ פון תמימותדיקן גליק,
נאָר גורלדיקע, שטאָלענע מעת-לעתן, ווי די רוימער
זיי היטן דאָרט געפּאַנצערטע די וועגן אויף צוריק.

אַ גורלדיקע גרויל-אַרענע! ווי דער גלאַדיאַטאָר
כ׳פאַרנעם שוין דורך דעם יובל-רויש דעם לייבס צעשפּרייזטע טריט,
דורך פרעמדע פרייד-געשרייען און דורך אייגענעם געפלאַטער
אַט פאַל איך אַ פאַרצוקטער שוין און זינג נאָך אַלץ מיין ליד.

# פּאָרטרעט

ס׳איז אַלץ אויף דיר צעפּלאָקערטער געשריי:
די קופּער־פלעכט פון האָר, דער רויטער קאַם אין זיי,
דער גאָלד־ברען פון דיין ברעם, דער ווייסער בלענד פון ציין
און יענער פרויען־גלי וואָס גייט פון דיר אליין . .

און נאָר דיין האַנט אויף גרינעם זייד פון קלייד
בלייכט מאַט און גלייכגילטיק, אָן בענקשאַפט און אָן פרייד —
אַ פרעמדער, קאַלטער גרוס פון וויטער, ווייסער רו,
וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ — נאָר איז נישט דו.

# כאַנאַיקעס *)

די עלטער-עלטער-זיידעס פון די חרובע כאַנאַיקעס,
די יידישע געזעלן פון דעם שווערן וועבער-פאַך,
קען זיין זיי האָבן נישט געוואוסט נאָך, וואָס אַזוינס אַ שטרייק איז,
נאָר ס'האָט די נויט געלערנט זיי פאַרנעמען בלינד איר שפּראַך.

מיט יחוס-קנייטש פון פּלפּול נאָך אויף פּנימער אויף בלאַסע,
מיט האַרעפּאַשנעס שטאָלץ שוין פון אַן איינגעהויקערט לייב,
אַלץ אָפטער האָבן זיי זיך שוין געפּרואווט צו לערנען האַסן
מיט זידל-וואָרט און הייב פון האַנט גאַנץ אָפט אויף אייגן ווייב.

דער האַס פלעגט זיי פאַרוויגן איבער וועבשטולן פאַרשטויבטע
און אויסגלייכן די פּלייצעס זיי, צעקרימט פון אַרבעט-לאַסט
און צוגעוויינטע שרייען אין מאַשין-רויש, ווי פאַרטויבטע,
זיי האָבן דעם געשריי געטראָגן שפּעטער דורך דער גאַס.

די גאַס האָט נאָך געשטוינט פאַר זייער דרייסטן אומרו-פלאַטער,
ווען אויסגעשריי געפאַלן איז בשותפות מיט אַ שטיין,
ווען יוב-טובדיקע פענצטער פון די זאַטע באַלעבאַטים
מיט אויסגעהאַקטע שויבן בליבן בלינד-צעשראָקן שטיין.

זיי האָט אַליין געשראָקן נאָך און דאָך זיי מער פאַרעקשנט,
און מערער אַלץ נאָך איינגעשפּאַרט, צו להכעיס זייער וואָר,
און ס'איז אין זייער אומרו שוין געלעגן אַלץ פאַרמשכנט
דער פּרואוו פון דרייסטע אייניקלעך, דער רום פון פינפטן דור.

*) כאַנאַיקעס — דער אַרבעטער-קוואַרטאַל אין ביאַליסטאָק.

# ד י נ ס ט ן

זיי פלעגן קומען אין די שטעט אין יאָר פון אומגערעטעניש,
ווען ס׳האָט דאָס לעצטע ברויט אין כאַטעס שוין פאַרפעלט,
און איבער גאַסן וואו געווען איז אַלץ פאַר זיי אַ רעטעניש,
פלעגט נאָכגיין זיי דער אומעט פון אַן אָפּגעשניטן פעלד.

פאַרחידושטע, האַלב־שעמעוודיק מיט אויגן מילד־צעשראָקן,
מיט בליקן נאָך פאַרקוקטע אין דער דאָרפיש־בלויער ווייט,
זיי פלעגן מידע בלאָנדזשען איבער פרעמדע, הויכע שטאָקן
און ווערן שפּעטער דינסטן ביי די אָפּגעפּיינטע לייט.

עס האָט געלאָקט אַ טרוים זיי פון אַן אָפּגעשפּאַרטן גראָשן,
פון זעמל־ברויט מיט פּוטער און הויכע לעדער־שיך,
נאָר אומעטיק געקלונגען האָט דאָס ליד אויף זייער לשון
אין בין־השמשות־טונקל פון אַ האַרבסטיק־פרעמדער קיך.

עס האָט גענאָגט אין לייבער טיף צו זאַטע לייט די שנאה
און ס׳פלעגט דער עלנט קוועלן זיי אין לאַנגע ווינטער־נעכט.
זיי פלעגן צאַפּלען בענקענדיק אין זונטיקדיקע קינאָס
אין אָנזיכט פון אַ טייכל־ברעג, מיט לאַנגע צווייגן־פלעכט.

זיי פלעגט זיך שפּעטער חלומען דער ערשטער גרין פון פליינען,
דער פרילינגדיקער מיסט־גערוך און צאַרטער ווינטל־גלעט . . .
אין שפּעטע, פרעמדע קיכן פלעגן דינסטן וויינען, וויינען
אין יום־טובדיקן אָנטועכץ אויף הארטן אונטערבעט.

# די ווינט-מיל

זי שטייט,
פארריסן הויך דעם קאָפּ.
די פליגל ברייט,
צעשפּרייט —
זיי דרייען זיך הכנעהדיק און בלינד
אַרויף,
אַראָפּ
אין ווינט.

די ווינט-מיל שטייט,
זי ציטערט מיט איר גוף,
זי וואָלט געוואָלט אַ פלי טאָן איצט אַרויף,
זי זעט: אַ בלויער אומטיקער רויך
ציט שלאַנק און קרייזלענדיק זיך לאַנגזאַם אין דער הויך,
אַ שוואַרצע, היפּנדיקע קראָ
האָט זיך אַ הויב געטאָן פון אָרט און איז נישטאָ.
און זי איז הויך און גרויס,
און קען פון איר פאַרגליווער ניט אַרויס,
און יעדער פליגל-דריי —
טוט וויי,
טוט וויי.

איז כאַטשבי זיין דאָס שוועלבעלע, וואָס קרייזט אַרום אין בלאָ,
אָט כאַטש דאָס קליינע פֿליגעלע, וואָס שוועבט אַרום איר דאָ,
און זי איז הויך, און ברייט, און גרויס,
און קען פֿון איר פֿאַרגליווער ניט אַרויס.

זי שטייט,
פֿאַרריסן הויך דעם קאָפּ.
די פֿליגל ברייט,
צעשפּרייט
זיי דרייען זיך הכנעהדיק און בלינד,
אַרויף,
אַראָפּ
אין ווינט.

אַ לעצטער שקיעה־שטראַל שפּילט גאָלדיק זיך און העל,
אַ שאָטן גנבעט זיך צום אָוונטיקן שוועל,
און ערגעץ טיף אין איר גייט אָפּ איר טרוים מיט מעל,
מיט ווייסן מעל.

# אַ מלחמה־טאַנצזאַל

אַן אַלטער בלינדער פידלער שפּילט אַ ניגון אויס צום טאַנץ,
און פון קלאַוויר, וואָס גלאַנצט מיט טיפן, שוואַרצן גלאַנץ
גייט אויף פון הינטער פּרויען־הענט דער ברומענדיקער ווײַ
פון איינזאַמע קלאַווישן, און צו דעם טאַקט פון זיי
מיט פלינקן פינגער־פּלי אַ יינגל, נאָך אַ קינד,
לויפט נאָך מיט שטעקלעך שרויטיקע און פּויק־געברום געשווינד.
אָט הילכט דער טאַצן־מעש, אָט לעשט ער ראַש אים אָפּ
און ס׳פּלאַטערט דורך סינקאָפּן־ווירבל אין זײַן קינדערש קאָפּ
אַ ווייטער, זיסער חלום פון אַ גרויסן רייפטל ברויט.
ער שמייכלט קינדערש־אומעטיק און שיט דעם שטעקל־שרויט...
עס ברומט דער דזשאַז נאָך האַסטיקער. מיט פיבערדיקן שפּרייז
צונויפגעפּרעסט צו זיך אַליין, אין טאַנצנדיקן קרייז,
עס דרייען זיך נאָר פרויען דאָ, געפּאָרטע ווייב מיט ווייב,
זיי טוליען זיך מיט ליידנשאַפט און נאַרן זייער לייב,
און קלאַפּן אויס מיט קנאַפּלען הויכע, אומרואיק און פרעך
די גלוסטונג צו אַ מאַן, וואָס שרייט דורך בלוט־געהילך פון נעכט.
און קרעכצן אויס מיט קליידער־שאָרך, מיט פלאַטער־רויש פון שטאָף
דעם תאווה־לעכץ פון יילעכער אין נעכט אַליין, אַן שלאָף...

דער אומרו האָט פאַרוויקלט זיי און יאָגט זיי דאָ אין טאַנץ,
און גלאָזיקט זיי די אַפּלען מיט אַ פאַלשן פיבער־גלאַנץ,
צעמיניעט אין דעם פאַרבן־שפּיל פון לאָמפּן רויט און בלוי
און פרעסט זיי דאָ צונויף אַזוי, און טוליעט פּרוי צו פרוי.
און פון דעם מעש־געבּרום, און דורך דעם פּייקל־שרויט
גייט אויף אַן אַפּהילך דאָ, וואָס פּאַכט מיט שרעק און טויט,
ווי ס׳וואָלט אין טאַצן־דזין געלעגן וואו פאַרהוילט
דער שריי פון טויזנטער אויף שלאַכטפעלדער צעגרוילט,
ווי ס׳וואָלט דער פּייקל־שרויט אין מיטן טאַנץ דערמאָנט
אַן האָגלענדיקע קוילן־נעכט מיט מענער אויפן פראָנט...
דער יינגל נאָר ביים פּייקל טראַכט נאָך אַלץ פון רייפטל ברויט
און מישט מיט גלייכגילט־פינגער אוים דעם מעש מיט שטעקל־שרויט.
דער בלינדער פידלער איז געבליבן אויף אַ סטרונע הענגען דין,
ער טאַפּט שוין מיט די פינגער אַן דעם בלוי פון דעם באַגין.
אָט נאָך אַ ווייל, אָט נאָך אַ ווייל, עס ווירבלט נאָך דער טאַנץ,
נאָך גלאָצט פון דעם קלאַוויר אַרוים די נאַכט מיט קאַלטן גלאַנץ,
נאָר ס׳האָט באַטריפט מיט בלויקייט שוין די פידל דעם פּאַרקעט
און לעשט דעם שפּרייז פון אומרו־פּים מיט סטרונע־גלעט. ס׳איז שפּעט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אין דעם שפּיל פון נאַכט־שאָטנס מיט בלויען מאָרגן־שיין
פון דרויסן דורך אַ שפּאַרע פון אַ פאַרקאַן קוקט אַריין
מיט בלייך־פאַרשפּיצטן פּנים און מיט אויגן ווילד צעגליט
אויף קוליעס אָנגעשפּאַרט אַן אינוואַליד.

פּאַריז 1948

# דער קאַפּעלוש

דעם קאַפּעלוש געטראָגן האָט אַ גרויער, הויכער הער,
אַ הויכער גרויער הער, אַן אַלטער קאַוואַליער,
וואָס ביזן לעצטן טאָג האָט ער זיין וואָנס געשוואַרצט
און מיט אַ שנאַפּס פאַרזיסט זיין איינזאַם-בחורש האַרץ. . .

דער אַלטער קאַוואַליער האָט ליב געהאַט אַ טאַנץ,
האָט ליב געהאַט פון מיידל-אויג דער נאַרנדיקן גלאַנץ —
דעם קאַפּעלוש אין האַנט, מיט אַפּוואַרט אין דעם בליק
ער האָט געבעטלט טרוים, ער האָט געבעטלט גליק.
ביז איינמאָל האָט זיין האַנט געכאַפּט זיך פאַרן לאַץ
און ס׳האָט אין מיטן טאַנץ — זיין בחורש האַרץ געפּלאַצט . . .

איצט טראָגט דעם זעלבן קאַפּעלוש אַ גאַסן-קאָמעדיאַנט.
דער קאַפּעלוש איז אַלט שוין און נישט מערער עלעגאַנט,
דער אַלטער קאָמעדיאַנטשיק מאַכט גאָר שעלמיש צו אַן אויג
און גיט זיך אַ צעטאַנץ צום טאַקט פון טאַץ און פּויק.
אַ זון-שטראַל גיט אַ שפּיל זיך מיט אַ ווירבל-זייל פון שטויב,
אַ זון-פלעק ווי אַ גראָשן גיט אַ קייקל זיך פון שויב;
דער זון-פלעק פאַלט אין קאַפּעלוש מיט ציטערדיקן גלאַנץ,
דער אַלטער קאָמעדיאַנטשיק דרייט זיך שנעלער נאָך אין טאַנץ,
ביז פּלוצלינג בלייבט ער שטיין ביים לעצטן קלונג פון טאַץ,
ער בלייבט פאַרגליווערט שטיין און רירט זיך נישט פון פּלאַץ,
און נאָר אין האַנט ביי אים אין אויסגעשטרעקטער האַנט
טאַנצט ווייטער אַלץ דער קאַפּעלוש אַן אויפהער נאָכאַנאַנד
דעם בעטל-טאַנץ פוןביידן אויס, דעם אומעט און באַגער
פון גאַסן-קאָמעדיאַנטשיק און פון אַלטן קאַוואַליער...

# בּטחון

צום הייליקן אנדענק פון מיין מאמען
אומגעבראכט דורך די נאצי־רוצחים



# מיר װעלן קומען

ס'איז ליכטיק אין די פענצטער פון מײן נײער הײם.
עס טריפט די זון דורך אַלע מײנע רגעס,
נאָר ס'װיל נישט טריקענען אויף מײנע שיך דער לײם,
װאָס איך האָב מיטגעבראַכט פון מײנע װײסל־ברעגעס!

און אַלע אָװנט קומען דאָ צוגײן
די פענצטער פון מײן הײם, מיט בלינדע שויבן־בליקן,
זײ קלאָגן זיך פאַר מיר, מיט שטומען נאַכט־געװײן,
און טוליען זיך צו מיר, און װילן נישט צוריקגײן.

איך בעט זיך שטיל בײ זײ: — אָ, בלינדע װענט! איך װײס,
איך טראָג אין הארצן טיף דאָך אײער װײ דעם שטומען,
טאָ נעמט זשע מיט אַהײן דאָס װאָרט פון אונדזער טרײסט,
דאָס אויסגעבענקטע װאָרט: — מיר װעלן קומען! —

מיר װעלן קומען אָפּשװענקען דעם אומעט־לײם
פון בענקענדיקע טריט אויף װאָרטנדיקע ברעגעס,
ביז װערן ליכטיק װעט אין אונדזער אַלטער הײם,
װי ליכטיק זײנען דאָ אין פרילינג אַלע רגעס.

ביאַליסטאָק 1940

# די מאַמע רחל

אַ קול צום הימל טראָגט זיך אום אַלץ העכער,
אַ שטימע קלאָגט דורך נאַכט ביז צום באַגין:
דורך אַלע וועגן, וועלכע פירן קיין בית-לחם
די מאַמע רחל גייט באַוויינען אירע זין.

איך פלעג אליין באַגיסן זיך מיט טרערן,
ביינאַכט פאַרטוליען זיך, נאָך זייענדיק אַ קינד,
און אין דער שטיל מיט זיסן האַרץ-קלאַפּ הערן
איר ווייטן כליפּ אין פלאַטער פון דעם ווינט.

און וואו האָט שפּעטער ניט, דורך וועלכע פרעמדע געסלעך,
געפירט דער גורל מיך צו זיין אַ ווייל אַ גאַסט,
נאָר איר געוויין אַלץ האָב איך ניט געקאָנט פאַרגעסן
נישט אין די טעג פון פרייד, נישט אין די נעכט פון האַס.

איצט ליגט אין אַש פאַרשאָטן שוין מיין גלויבן,
מיט קופּעס מיסט און אָפּגעקראַצטן ליים,
מיט לעצטן פינקל פון צעפּלאַצטע שטיקלעך שויבן,
וואו ס'האָט אַמאָל געהימלט בלוי מיין היים.

און פון די חורבות איבער רויטע בערגלעך ציגל,
אַריבער לעצטן, דורכגעברענטן שטיין,
מיט שטילן סקריפּ נאָך פון מיין לאַנג-פאַרהוידעט וויגל,
גייט אויף פון גאָר אַמאָל אַ שטיל-פאַרשטיקט געוויין.

און פלאַטערט אויף אין אַלע פענצטער-לעכער
און בלאָנדזשעט אום און ציט זיך אַלץ אַהין,
וואו אויף די וועגן, וועלכע פירן קיין בית-לחם,
די מאַמע רחל וויינט פאַרבענקט נאָך אירע זין.

וואַרשע 1946

## מיינע פענצטער

אלע טויערן באַגלייטן מיך מיט שפּאַט
און אַלע ווענט דערציילן פון מיין פּיין מיר.
און רעדער גרילצן אוים אויף גאַסן פון דער שטאָט
דאָס ליד פון זייער פרייד, דאָס ליד פון מיין נישט זיין מער.

און אַלע טירן קרעכצן אוים מיין פּיין,
נאָר מיינע פענצטער ווילן ליכטיקע היינט טרוימען,
און ס׳צייכנט אוים אויף הימלען-הויך — מיין זיין
דער בלויער רויך, וואָס ציט זיך פון מיין קוימען.

און יעדעס וואָלקנדל, וואָס ראַזיקט אין פאַרנאַכט
איז גאָר מיין ליד, וואָס שוועבט דער נאַכט אַנטקעגן
און וועט זיך אומקערן, און זינגען אויף מיין דאַך
אויף סטרונעס זילבערנע פון פרילינגדיקן רעגן.

און מעגן דעכער נאָך ווי אַבלדיקע הענט
מיט טרויער גרויען אויף מיין קאָפּ פאַרבראָכן,
נאָר מיינע פענצטער וועלן לויכטן פון די ווענט,
דורך אַלע נעכט מיט גלויבן און בטחון.

לאָדזש 1946

## ביים ים

דער ים האָט אָפּגעפּלייצט מיט אויפגעשוימטע קאַמען
און איז אַוועק, אַוועק,
ער רוישט נאָך אַ פאַרטייעטער גישט ווייט פון דאַנען
און פליעסקעט זיך מיט מורמלענדיקער שרעק.

נאָר זוניק-אויפגעהעלט טויכט זאַמדיק אויף דער ברעג,
מיט טריט צעפּלאָטערטע און ליכטיקע געשרייען,
וואָס לויפן אָן, דעריאָגן זיך, פאַרגייען
און ציטערן צעגלעקלטע אַרום דאָ נאָכאַנאַנד.

די קולות לויפן אָן, זיי ווערן הייסער, שנעלער,
פון קינדערשן געלעכטער ווערט נאָך ליכטיקער דער זאַמד,
פון קינדערשע געזאַנגען ווערט דער הימל טיפער, העלער,
און וואַרעמער פון סאַמעט ווערט דער ווינט-גלעט אויף מיין האַנט.

מיט קלינגענדיקע שטימעס גייט דאָ אויף מיין יידיש לשון,
מיט פנימלעך צעשמייכלטע און אויגעלעך צעקוועלט
אַ וואָלקנדל ביים הימל־ראַנד, וואָס גליווערט מאַט־פאַרלאָשן
האָט פלוצלינג ווי פאַר חידוש זיך צעזוניקט און צעהעלט.

פון קינדערשע געזאַנגען ביי דעם ראַנד פון פרעמדע ימען
גייט אויף די שטילע בענקשאַפט נאָך אַ היים און נאָך אַ מאַמען,
און ס'מישט זיך, און עס מיניעט זיך דאָ פרייד מיט וויי צוזאַמען:
אַט ווערט דער ים גאָר גרויער, גרויער
פון לידער יידישע, וואָס טריפן אָפּ מיט טרויער,
אַט ווערט ער בלויער שוין, אַט ווערט ער העלער ווידער
פון פריילעכע געזאַנגען און פון קלינגענדיקע לידער,
און ס'דוכט זיך: מיט די כוואַליעס די צערוישטע, מן הסתם,
זינגט מיט דאָס יידיש־ליד דער אויפגעבלויטער ים.

בערק־פליאַזש, פראַנקרייך 1948

# מאַטראָזן-ליד

ס'האָט זיך אַלץ צונויפגעגאָסן
אין דער פינצטער — וואַנט און דאַך,
מיט אַ לידל פון מאַטראָזן
שווימט אַ פענצטער אין דער נאַכט.

שווימט ער הויך אַזוי און פריידיק
איבער שטיין און איבער שטאָק,
אונטן ליגט דאָס געסל ליידיק,
איך אַליין נאָר שטיי ביים ראָג.

שווימט דאָס פענצטער אין די במאַרעס
העל און ליכטיק־ראָז צעגליט,
און ביים קלאַנג פון אַ גיטאַרע
זינגט דאָרט עמעצער אַ ליד.

— העי, ווער ביסטו זינגער אויבן,
וואָס צו מיר אין געסל טיף
פליסט דיין ליד דורך ראָזע שויבן,
פון אַ ים און פון אַ שיף?

פון אַ ים מיט בלויע פאָרטן,
פון אַ שיף מיט שטאָלצער פאָן —
— היי, ווער ביסטו זינגער דאָרטן,
גיב אַ צייכן, רוף זיך אָן?!

שווייגט די נאַכט, נאָר איבער כמאַרעס
שווימט אַ פּענצטער רויט־צעגליט,
און צום טאַקט פון אַ גיטאַרע
ענטפערט הילכיק אַף דאָס ליד:

— אונזער שיף איז הויך צעטורעמט,
ברייט און גרויס דער אָקעאַן,
ס'פירט דער ג ל ו י ב ן אונדז דורך שטורעמס
אונדזער וואונדער־קאַפּיטאַן.

מעג דער ים אַרום אונדז שוימען,
מעג די נאַכט פאַרגיין אין שרעק,
דורך פאַרנעפּלט גרויע רוימען
פירט ער אונדז צום העלן ברעג.

כ'שטיי ביים ראָג, עס שווייגט דאָס געסל,
ס'הענגט דער הימל כמאַריק־שווער,
נאָר דאָס פענצטער ווערט אַלץ גרעסער,
ס'ווערט אַלץ העלער מער און מער.

און מיט ראָזן שיין באַגאָסן,
איבער ווענט און איבער דאַך,
מיטן לידל פון מאַטראָזן
שווים איך ליכטיק אין דער נאַכט.

# די וועלט האָב איך געזען...

די וועלט האָב איך געזען, נאָך ווי אַ קינד, ביי מיר פון בוידעם,
דורך פענצטער־שייבלעך שטויביקע — אַ ווייטקייט בלוי צעהעלט.
מיין בענקשאַפט פלעגט זיך נאָכהענגען די באַלעגאָלסקע בוידן,
וואָס האָבן גרוי־צעווינטיקטע, געיאָגט זיך אין דער וועלט.

און ווי האָט זי, מיין בענקשאַפט, נישט פאַרשפּילט זיך מיט די מעשיות
און וואונדערלעכע רייזעס פון זשול־ווערן און מאַין־ריד,
נאָר חלומען אַלץ פלעגן זיך די פלייצעס מיר פון שמייסערס,
וואָס איילן זיך מיט יידן אין פאַרנאַכט אויף אַ יאַריד . . .

איך האָב אַליין זיך שפּעטער שוין, צופוסנס און מיט באַנען,
געלאָזט אַריבער גרענעצן און בלאָנדזשענדיק, געהיים
אין פרעמדע שטעט געטרוימט אַזוי, אַז ס׳איז נאָך פאָרט פאַראַנען
דאָס בלויע וואונדער־פענצטערל אין בוידעם פון מיין היים.

איצט שטיי איך אויף־דאָס־ניי אָט דאָ, ביים ראַנד פון מיינע טרוימען...
נאָר וואו־זשע איז דאָס פענצטערל, דער בוידעם און די ווענט?
אַ שפּליטער גלאָז נאָך פינקלט אַלץ ביים אָפּגעברענטן קוימען
און שפּילט זיך אויף די חורבות מיט מיין ערשטן חלום־בלענד.

אַ שטיקל גלאָז פון פענצטערל. פון אַש דאָ דעם געשענדטן,
עס וועט מיין בענקשאַפט אויפהויבן און מיטנעמען מיט זיך,
וועט אפשר נאָך אין ערגעץ וואו איר העלער שיין אַ בלענד טאָן
און אויפבלויען פאַר אַלעמען מיין טרוים וועט אין איר ליכט.

פאַר אַלע, וועלכע גייען מיט דעם וועג פון שווערן וואַנדער,
פאַר אַלע, וועלכע בויען אויף־דאָס־ניי אויף קופּעס אַש,
פאַר אַלע, וועלכע ציען זיך צום אויסגעבענקטן לאַנד דאָרט,
וואו ס׳טונקלט נישט אויף בוידעמער דער שטויביקער מיראַזש.

אהין דאָרט, וואו מיין בענקשאַפט איז אין חלום עולה רגל,
פון אַלע פּלאַנטער־וועגן אָט דער אויסגעקלאָרטער וועג,
מיט אַלע שטורעם־שיפן און מיט יעדן גרויען זעגל,
וואָס וועט מיין חלום פירן און דערפירן צו דעם ברעג.

1946 וואַרשע

# דער באָבעס ברוגז-טאַנץ

אַלעקסאַנדער און פּערל שאַפּיראָ געווידמעט

...ס'איז שטיל.
עס דוכט זיך אויס, ווי עס וואָלטן דאָ געוועזן אַלע פרעמד.
די מחותנים גייען ברוגזע אַרום,
און מומעס לייביקע זיי ברעכן אונטער שאַלן זיך די הענט.
די אויגן זיינען אומעטיק און שלעפעריק פאַרקלעפּט.
זיי זיצן אַזוי פרום.
און שאָקלען מיט די קעפּ,
און קוקן אָן זיך שטום,
און וואַרפן בליקן זייטיקלעך און קרום —
צו זיי דאָרט צו די דאַרע אויסגעפּוצטע שניר,
וואָס הערן אונטער זיך און קוקן אַלץ זיך אום
צום טיר,
וואָס גלאַנצט פאַרמאַכט,
פאַרחתמעט,
און נאָר פון הינטער איר
אַלץ גרוילט
אַ פיבערדיקער ווערטער-קנויל,
וואָס צאַפּלט הייזעריק און הויל
דורך פענצטער אויפגעמאַכט
אין נאַכט..

די קולות קריגן זיך
און וויגן זיך
מיט אַטעמע,

מיט תחנונים
און געבעט:
— מחותן, נו, נו...
מחותן, ס׳איז דאך שפעט!...
די שטימע זיינע
איז רחמנותדיק פארקלעפט
און קרעכצנדיק פארוועבט,
און סאמעטיק אזוי ארומגעבעט.
ער בעט זיך נאכאמאל
און בעט
מיט סאפענדיקן, שווער-צעהוסטן קול:
— נו, נו — ...
און ס׳ענטפערט אים א גלייכגילטיקער, טעמפער שפרייז פון פיס,
וואס גיט א שטעל זיך אפ אט האסטיק אויף אן ארט
און ברומט ארויס
א קלאנג אזא,
א ווארט,
וואס גייט אויף טעמפ אן טרייסט
און געגעצדיק באגלייט:
— נו, מילא מא — ...
עס הייסט:
אוים;
אומזיסט די רייד —
אומזיסט.

די טיר גיט פלוצלינג זיך א רים —
עס לויפט א ייד ארוים,
א יידעלע א גרויער,
א קליינטשיק יידעלע ווי א כזית טרויער.
דעם אויסגעקנייטשטן קאפל אן דער זייט פאררוקט און קרום,
א רגע לויפט ער אום

און זוכט אַ יידן אויף, און רעדט אים אויפן אויער,
און הוסט אַריין אין יעדן וואָרט,
און רייסט אַ הערעלע אַרויס זיך פון דער באָרד, —
און לויפט צוריק אַריין.

די טיר פאַלט ווידער צו
פאַרמאַכט
און נאָר אַ פּענצטער אויף דאָס נײַ שוין פלאַפלט אין דער נאַכט,
און וויגט די רו,
די שטילקייט אַיין
מיט האַרציקע תחנונים
און גיבעט:
— מחותן נו, נו...
מחותן ס׳איז דאָך שפּעט — ...
און הוסט, און שטאַמלט שוין מיט ווערטער נישט דערגרעדט,
און נאָר דער שפּרייז פון פּיס
גייט אויף און ענטפערט אָפּ מיט שטומען ברומען:
אומזיסט.
מ ז ו מ ן,
נ אָ ר  מ־זו־מן!...

און אין דער נאַכט
מיט אָפּגעהאַקטן רגעדיקן גאַנג,
דער זייגער כאַפּט זיך אויף מיט פייערלעכן קלאַנג
און ציילט די שעהן אוים גלעזן, הילכיק זיי
אַ פריער — א י י נ ס — פאַרטראַכט
דערנאָכדעם לאַנגזאַם — צ ו ו י י —
און ווידער שטיל.

די כלה וויינט אין שלייער לייכט פאַרהילט
און הייסע טרערן טריפן אויף איר ווייסער חופה-קלייד,
און לעשן אוים דעם לעצטן שימער פרייד,
דעם לעצטן פלאַטער פון אַ העלן מיידל-טרוים,
וואָס ציטערט נאָך באַהאַלטן און פאַרטוליעט אויף אַ זוים.

דער יומטובדיקער, אויסגעוועקסטער דיל
טויכט אויף אין לאָמפּן-שיין מיט ליכט-און שאָטן-שפּיל
און שפּיגלט ערגעץ אָפּ אין טיפן קאַלטן גלאַנץ
דעם שוועבנדיקן אומרו פון אַ נישט-געטאַנצטן טאַנץ,
דעם גליווערדיקן אומעט פון אראָפּגעטריפטער טרער,
וואָס לעשט דעם חלום אוים פון מיידלשן באַגער.

און יידן לויפן אום
אַהין,
אַהער,
כסדר
פון כלהס צימער
צום חתנס חדר,
מען קוקט זיך אַלץ ארום —
צום טיר,
מען שושקעט זיך מיט אויגן גלאַציק-פרום,
מען חקרנט זיך,
מען גלעט זיך ווייך די בערד:
— או־וואַ,
או־וואַ —...
און מען צענעמט פאַר חידוש ברייט די הענט:
— נו, יאַ...
נו מילא, מאַ —...

און ווייבער:
מומעס אַנגעקוואָלן-גראָבע,
בייז-באַרעדעוודיקע, דאַרע, ביינערדיקע שניר,
וואָס קוקן זיך אַריבער מיט אַ קרומען נישט-פאַרגינען —
אַלע,
אַלע,
זיי קענען איצט קיין אָרט זיך נישט געפינען
און טוליען זיך צעשראָקן צו דער וויינענדיקער כלה,
און צו דער אַלטער, אויסגעקנייטשטער באָבען,
וואָס גלאָצט מיט מוטנע, תמעוואַטע אַפּלען,
אַזוי מין הילפלאָז-מיד און אומרואיק פאַרשעמט —
די כלה וויינט.

די באָבע זיצט ביים זייט לעם איר דערנעבן
און אירע בלייכע ליפּן אויסגעקייטע, ווייכע, פּלאַפּלען,
ווילן עפּעס וואָס דערגיין,
און אירע ציטערדיקע פינגער, אויסגעשטרעקטע, צאַפּלען,
זיי ווילן, הייסט עס, טאַפּנדיק אַ פרעמדע האַנט
אַרויסקריגן פון איר דעם מיין,
וואָס זאָל אָנשטאָט אַ וואָרט
אויף אַלץ איר פאָרט
אַ קלאָרע תשובה געבן.

און ס'הויבן טעכטער אָן איר געבן צו פאַרשטיין:
— מען איז אַוועקגעלאָפן מאַמע צו דעם רבין...
צו אים אַליין...
צום רבין...
זי שטעלט אָן אויער אָן און שאָקלט מיטן קאָפּ:
אַרויף,
אַראָפּ

און חידושט זיך א ווייל,
און גלעט זיך פאר דער גאמבע, ווי א מאנצביל פארן בארד,
און שאקלט זיך,
און חזרט איבער יעדעס וואָרט,
געלאסן,
לאנגזאם,
אָן געאייל:
— אזוי, צום אים אליין... ס׳הייסט צום רבין... זי פארשטייט — .
און הויבט זיך פלוצלינג אונטער, ווי פארצאפלט פון דעם אָרט,
און ס׳גייט אין אירע אויגן אויף א ווייטע מיידל-פרייד.

און פלוצלינג האָבן קלעזמער זיך פון העלער הויט צעשפילט.
די פידל, ווי פאר זיך אליין, פארגאנגען איז זיך שטיל,
ווי ס׳וואָלט אין שלאָף א ווינטעלע א פאָך געטאָן אין רוים,
א וועק געטאָן,
א גלעט געטאָן א ציטער סטרונע קוים,
א הויך געטאָן מיט אָטעם פון אַן אויפגערוישטן בוים
און ווידער זיך פארהוילן און זיך שאָטנדיק פארהילט,
און נאָר די ווייטקייט שפילט,
און נאָר אַן עכאָ רעדט
מיט פליסטערדיקן, צארטן, ווינטלדיקן גלעט.

דער ערשטער האָט דער פייקל זיך א וועק געטאָן פון טרוים.
מיט טאצן-ברום דעם אָפקלאנג פון דעם עכאָ נאָך געכאפט
און הילכיק זיך צום טאקט מיט טריטלעך באָרוועסע צעקלאפט,
און מיט א קופער-דזין פון טאצן-ליפן באנג
דעם ציטערדיקן עכאָ נאָך דעם גראָבן באס דערלאנגט.

דער באס איז א צעברומטער אויף א ווייל געבליבן שטיין,
דערנאָכדעם לייכט א וויג געטאָן אויף לינקס זיך און אויף רעכטס
און פון דער כלהס שטום-פארהוילענעם געוויין
ארויסגעפאנגען צארט דעם סאמע שטילסטן קרעכץ,

דעם סאַמע דינסטן, כליפּ.
דערנאָכדעם מיט אַ גראָבן, שטיוולדיקן טראָט
און מיט אַ האַרבן, הייזעריקן סקריפּ
געלאָזט זיך האַסטיק גיין
צום טיר,
וואָס גלאָצט מכּלומרשט פרום
מיט מצוות,
גאָט
און סוד, —
און מיט אַ כריפּעדיקן, הייזעריקן ברום
אַרויסגעריפּעט הינטער איר
אַן אויפגעהילכטע, דראָענדיקע שפּאַט,
אויף סאַמער גרעבסטער סטרונע,
אַזוי גראָב,
ווי ס'וואָלט דער בויגן הינטער טיר
געגעבן זיך אַ גראָב
און אויפגעוועקט דעם זאַטן שוועל פון שטויביק-זיסן שלאָף,
מיט אַנזאָג פון אַ נאָנטער, קומענדיקער שטראָף.

איצט איז די פידל זיך שוין אויך פאַרגאַנגען אויפן קול,
ווי ס'וואָלט דער שטילער ציטער פון דעם פליסטערדיקן ווינט,
וואָס האָט געגעכטיקט שלוהדיק אויף סטרונעס,
מיטאַמאָל
געגעבן זיך אַ וועק,
מיט שרעק,
אַ רים געטאָן זיך אומגעריכט,
געשווינט
און איז אַוועק, —
אַוועק
אויף שטורעם-כוואַליעס אויפגערוישטע בלינד...

און אלץ, וואָס האָט אויף סטרונעס בענקענדיק געשוויגן,
און אלץ, וואָס האָט אויף סטרונעס וואַרטנדיק געשטומט,
מיט זיסע טענער פון אַן אומעטיקן ניגון
האָט איצט פון העלער הויט צעקלונגען זיך, צעברומט.

און אלץ, וואָס האָט אויף סטרונעס אומרואיק געצאַפּלט,
פון פידל־טיף צום בויגן־שפּיץ געצויגן זיך, געשטאַפּלט,
פון פידלער־פינגער בענקענדיק מיט אומרו זיך געריסן —
האָט אויפגעקרעכצט מיט יידישן, מיט אומעט־חן מיט זיסן.

מיט טריבן שיין פון חתונות פון אָרעמע, פאַרשעמטע,
מיט הערינג־סעודות קאַרגלעכע און אָפּגעווישטער טרער,
מיט כלה־אויגן צניעותדיק, שוואַרץ־חנעוודיק באַברעמטע,
וואָס גליען אונטער שלייערס אויס אַ מיידלשן באַגער.

און אלץ, וואָס האָט פון סטרונעס זיך געצויגן צו דעם בויגן —
אַ דורות־לאַנגע איידלקייט, עניוותדיק באַזוימט,
מיט עלטער־באַבעס ליכטיקע, מיט גוטס פון טרייע אויגן —
האָט אויפגעטרעלט אין סטרונע־שפּיל מיט זיסן מיידל־טרוים.

די פידל שפּילט,
די פידל שפּילט.
דער יומטוב דיל
ווערט מאַט פאַרהילט:
אַדורך זיין אויסגעוואַקסטן, אויפגעטויכטן גלאַנץ,
דאָס גייען שאָטנס אויף — זיי גרייטן זיך צום טאַנץ.

די שטילע, ציטערדיקע פליט
האָט פּלוצלינג זיך דערפרייט:
די אַלטע באָבע גייט,
די באָבע טאַנצן גייט.
איר אַטלאַס-קלייד
איז ברייט
און פאַלדנדיק צעשפּרייט.
די באָבע האָט פאַרשאַרצט זי מיט דער לינקער האַנט און גייט
און ס'שימערט אויף אַ זוים נאָך וואו אַ ווייטע מיידל-פרייד.
זי שטעלט אַ טראָט אַוועק,
אַ טראָטעלע נישט מער,
אַ טראָטעלע אַ קליינס אַזאַ — דער באָבען איז שוין שווער
און טראָט נאָך טראָט אַזוי, מיט טריטעלעך געשווינד,
די אַלטע באָבע גייט אַ ברוגז-טאַנץ אַצינד.

די באָבע האָט שוין לאַנג די אַכציקער דערלעבט.
דער באָבעס פּנים איז מיט קנייטשעלעך פאַרוועבט.
ס'איז אַלט איר אַטלאַס-קלייד,
שוין אָפּגעקראָכן-שוואַרץ,
נאָר ס'האָט אַ מיידל-פרייד
צעשטיפט דער באָבעס האַרץ —
די באָבע גייט אַ טאַנץ,
אַ ברוגז-טאַנץ זי גייט,
און ס'שימערט אויף איר קלייד
אַ ווייטער יום-טוב-גלאַנץ,
אַ גלאַנץ, וואָס שימערט דאָ
און איז שוין מער נישטאָ.

און ס'פינקלט אויף איר האַלדז
אַ בראָש פון גאָלד נאָך אַלץ,
וואָס גלאַנצט נאָך כלומרשט דאַ
און איז שוין מער נישטאָ.

און ס'פלאַטערט אויף איר קאָפּ,
וואָס איז שוין אַלט און גראָ,
אַ שוואַרצער מיידל־צאָפּ,
וואָס איז שוין מער נישטאָ.

## אַ פיבער-חלום אויף די נאַלעווקעס

נאַכט.
אַלע טירן צוגעמאַכט.
אין דעם שאָטנדיקן לויער
טרוימט אַ גלעקל אין אַ טויער,
קלינגט און גלעקלט,
בענקט צעגלעקלט
און די שטילקייט דין צעברעקלט,
דין צעשפּליטערט
און פאַרציטערט,
קלינגט צעקרישלט אין דער נאַכט.

אַלע קראָמען צוגעמאַכט.
שלאָפן שלעסער, דרימלען שטאַבעס,
יעדער שלאָס אַ שליסל-סוד.
טירן זיינען שטום מתפלל צו אַ שטרענגן שטילן גאָט.
שוועלן קרומע
גרויען שטויביק,
שוועלן פרומע
וואַרטן גלויביק,
נעמען אויף מיט גרוים הכנעה.
יעדן גראָבן שטיוול-טראָט.
און זיי טרוימען זיך באַזונדער,
און זיי חלומען פון וואונדער,

פון די זאַטע עולם-הבא׳ס
מיט אַ רבי׳שן שיריים און אַ פּריייטיקדיקער באָד.
פענצטער שימערן פון דרימל מיט דעם שיין פון ערב-שבת,
מיט אַ פלעמלדיקן אָפּגלאַנץ פון די פריייטיקדיקע ליכט,
מיט באַהאַלטענע גערוכן פון געפילטע פיש און חלה
און דעם זים פאַרבענקטן ניגון: — „לכה דודי לקראת כלה” —
און זיי צאַפּלען,
און זיי צאַפּלען
מיט אַ שויבן-טרוים-בטחון
ביז אַ לעמפּל גיט אַ צינד זיך, ברענט אַ רגע אומגעריכט.
שטוינען פענצטער, קוקן וואַכע: גרויער, גרויער אינדערוואַכן,
און זיי גלאַצן און זיי אַפּלען
שויביק-הילפלאָז און אַנטוישט.

נאַכט.
איבער שוועלן,
איבער טרעפּ,
בלאָנדזשעט איצט דער חלום שוין פאַרמאַטערט;
ער האָט אַ גאַנצע נאַכט אויף דרימלענדיקע קעפּ
מיט שמייכלען ליבטיקע געפלאַטערט
און בענקענדיק, פאַרפירעריש און בלינד
זיי אַלעמען פאַרשפּינט —
און איצט פון זיי אַוועק,
פאַרקראָכן צו דעם דאַך,
פאַרבלאָנדזשעט צו דער קרומער פּאַציאַטע 1)
און הינטער זיך זיי אַלעמען געלאָזן אין דער נאַכט
מיט אויגן וואַכיקע און טריבע,
מיט שרעק און גרויל,
וואָס גייט אויף איצט פון שאָטנדיקן שלאָף-געקנויל.

1) בוידעם-שטיבל.

דער חלום שטייט איצט פאַר דעם טירל פון דעם שטיבל,
וואו עס שליידערט זיך און צאַפּלט אין אַ פיבער
אַ קראַנקער פלוידער-מויל.
דער חלום שטייט,
ער קוקט אַריין אין צימער,
וואו ס'טליעט זיך אַ לעמפּל ביים סופיט,
און ס'ווינקט ביים דאַך אַ פענצטערל מיט שטערן-בלויען שימער.
ער זעט:
אַ בעט
און אויפן בעט אַ ייד
מיט באָרד און פּיאותן צעשויבערט און צעקנוידערט.
ער פלוידערט.
ער רעדט פון היץ און פלאַטערט אַלץ און שוידערט,
און צאַפּלט מיט די הענט און מיט די פיס.
אַ מעקלערל געווים,
וואָס חשבונט אַלץ און רעכנט איצט פון היץ אויס זיין פראַצענט
און דינגט זיך מיט די שפרינגענדיקע שאָטנס אויף די ווענט.

דער חלום איז שוין מיד.
ער זעצט זיך אויפן שוועל
און דרימלט איין און ווערט אַנטשלאָפן שנעל.
און ס'איז דעם חלום חלומס חלום איצט אַ גרויליקער קאָשמאַר,
וואָס גייט דאָ אויף אין שפעטער נאַכט מיט אומרו און מיט צער,
דער חלום זעט
אין חלום איצט דאָס בעט
און אויפן בעט דעם פיבערדיקן ייד
מיט אויפגעמאַכטע אויגן, וועלכע בלאַנדזשען ווילד-צעגליט,
די באָרד, די פּיאותן, צעשויבערט און צעקנוידערט.
ער פלוידערט,

ער רעדט פון היץ און שליידערט זיך און שוידערט.
דעם חולה דאַכט זיך אוים:
ער איז פון שטיבל אויף די נאַלעווקעס אַרוים.
עס באַמבלען זיך אין קאָפּ אים נאָך די אמנס, יהא-שמיה-רבאַ׳ס,
ער האָט קיין פּרוטה נישט און מאָרגן איז שוין שבת.
ער דרייט זיך סתם אין גאַס אַרום,
פֿאַרקוקט וואו אין אַ קלייט
און שטעלט זיך ביי דעם שוועל דאָרט אָפּ און וואַרט אַזוי און שטייט,
און פּלוצלינג הייבן אָן די אויגן זיינע שטוינען:
אַרום,
פון אומעטום,
פון אַלע זייטן —
קונים!
קונים!
קונים!
זיי קומען מיטאַמאָל,
אָן אַ שיעור און אָן אַ צאָל,
די גאַס איז שוואַרץ, די גאַס איז פון זיי פינצטער —
קונים!
קונים!
קונים!

אָט רינגלט שוין אַרום אַ ריזיקער המון אים:
ליטוואַקעס,
פּראָווינצער —
ער כאַפּט זיי פאַר די פּאָלעס און ער שלעפּט,
נאָר קונים קומען צו אַלץ, ווערן מערער אַלץ און מערער,
ס׳ווערן די הענט ביי אים אַלץ שווערער, שווערער,
מען שטייט שוין אויף די קעפּ,
מען הענגט שוין אויף די טרעפּ

און אויף די ווענט —
און קוגים קומען צו גאָר אַן אַ צאָל, גאָר אָן אַ שיעור — — —
ער שטייט און כאַפּט זיי אַלעמען מיט איילנדיקע הענט:
צו צוויי,
צו פיר,
צו צען —
און מער, און מער.
ער לויפט אַרום:
אַהין,
אַהער,
די אַרבל שוין פאַרשאַרצט,
און בעט זיך רחמים: יידן, יידן, וואַרט׳ס!..
יאָך קאָן ניט מער! —
דער קאָפּ איז שווער
און פאַר די אויגן שוואַרץ.
אָט נאָך אַ רגע, באַלד —
און ס׳וועט ניט אויסהאַלטן זיין האַרץ.

עס זעצט, עס האַקט.

און פּלוצלינג: — גוואַלד!!
ער האָט דאָך אים געפּאַקט —
משיח׳ן!!
משיח׳ן!!
ער האַלט אים פעסט און גלויבט די אויגן ניט:
אַזאַ מין שיינער ייד,
און ס׳אַראַ באָרד,
און ס׳אַראַנע געשטאַלט!

ער שטייט און הערט אליין שוין ניט קיין וואָרט
און ניט זיין אייגן קול.
אָרום איז שוין אַ גדולה, אַ בהלה:
— געלויבט איז גאָט,
געלויבט זיין ליבער נאָמען! —

און יידן שליסן שוין די קראָמען.
עס קאָכט, עס רוישט פאַר שמחה שוין די גאַנצע שטאָט.

און נאָר אַ ליטוואַק לויפט אָרום מיט אַ יללה:
— גע-וואַלד! די וועקסלען גייען איין אים היינט צו צאָלן —
און דאָ משיח גאָר —
גזלנים!
ער שטעלט דאָך אים בדלות,
ער מאַכט דאָך אים באַנקראָט...
ער שרייט און רייסט זיך פאַר די האָר.

נאָר יידן הערן ניט. זיי לויפן,
דורך די טירן,
דורך די הויפן,
ווער אין אַ שטריימל שוין און ווער גאָר אין אַ טלית.
דורך אויפגעמאַכטע פענצטער גיט מען איבער מיט אַ ניגון:
ברוך-הבא,
אין אַ מזלדיקער שעה —
משיח איז שוין דאָ!
משיח איז שוין דאָ!

און חסידים קריגן זיך,
צו וועלכן רבין מע זאָל משיחן איצט פירן.
עס קאָכט די גאַנצע גאַס.
און ליטוואַקעס, עקשנים טענהן: — פירן אים אין חברה-ש"ס! —

אַפּיקורסים שלייכן אום פאַרשעמטע אויף די טרעפּ
און גויים שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

נאָר פּלוצלינג, ווי עס וואָלט אַ דונער אונזער ייִד געטראָפן,
משיח איז ניטאָ,
אַנטלאָפן,
אַ ריס געטאָן, זעט אוים, ביי אים זיך פון די הענט —
און ווי אין דר'ערד אריין!
ניטאָ!
ער גלויבט די אויגן ניט און פינטלט ווי פאַרבלענדט
און גלאָצט מיט זיי ברייט-אָפן:
ווי קען עס מעגליך זיין,
ווי האָט זיך עס פאַרלאָפן?
און מיטאמאָל —
ער שרייט שוין הילכיק, גאַרניט מיט זיין קול:
— גע-וואַלד, משיח איז ניטאָ!..
אַנטלאָפן!..
ייִדן, עץ הערט... משיח איז ניטאָ!..
ניטאָ!..

נאָר ייִדן הערן ניט — ייִדן זינגען,
ייִדן שפּרינגען,
ייִדן טאַנצן.
עס פלאַטערן קאַפּאָטעס, שטיוול גלאַנצן...
דער ייִד פליט אום פון אָרט צו אָרט פאַרשמאַכט,
און בעט זיך רחמים: — גוואַלד! משיח איז ניטאָ!..
ייִדן גוואַלד... עץ הערט?

נאָר ייִדן קוקן אָן אים ווי פאַרוואונדערט, מיט פאַרדאַכט,
מען רוקט זיך מיט אַ חשד שוין אָפּ אַ ביסל אָן אַ זייט,
מען ווינקט זיך שוין אַריבער און מע שמייכלט אין די בערד,
מיט שמייכעלעך אַדורכגעטריבן-קלוגע —
און עמעצער פון העלער הויט שוין, דוכט זיך, שרייט,
כלומרשט סתם אַזוי: משוגע! —

און באלד איז שוין ארום אים א געזעמל יונגעלייט,
מע צופט אים פאר דער באָרד, מען ציט פאר דער קאַפּאָטע...
ער שטייט בגלוי-ראש, די היטל שוין אין בלאָטע...
און חברה לצים גרייטן זיך אים מאַכן א משכנתא.

עס ווערט אים קאַלט און היים.
וואָס הייסט?
ארום אַלץ קונים,
זיינע קונים,
און סוחרים באַקאַנטע!
דאָס בלוט גיט פלוצלינג אים א שלאָג אריין אין קאָפּ,
אן אימפּעט הייבט אים אָן א ווילדער טרייבן, טראָגן...
דער חלום זעט:

דער ייד איז פון געלעגער שוין אראָפּ
און לויפט ארום צעשויבערט אין תחתונים,
מיט אויפגעפּאַכטע הענט
און פּרוואווט זיך יאָגן
נאָך די שאָטנס אויף די ווענט,
און כאַפּט זיך שלאָגן,
און כאַרכלט הייזעריק ארוים
מיט ליפּן בלוי-פאַרשוימט,
מיט אַפּלען ווילד-פאַרקערט:
משיח איז נישטאָ...
עץ הערט?
ניטאָ משיח... אוים!..

# נאַכט אויף נאַלעווקעס

נאַכט און נאַלעווקעס. נאַכט אויף דעכער.
טריט-געפּויק. אין גאַס-גערויש דעם ווילדן,
אין בלעכענעם גלאַף פון טאַנצנדיקע שילדן —
אַריבער פענצטער, ווענט און בוידעמער אַלץ העכער,
איבער קוימענס, איבער גאַרנדיקע טרעפּ —
יידן.
אויפגעפּאַכטע הענט און קעפּ.
שוואַרצער פלאַטער פון קאַפּאָטעס. רויטער גליען
פון פאָותן און בערד. זיי גייען נישט — זיי פליען,
זיי ריידן נישט, נאָר זינגען
אַ פּלפּול-ליד פון — יאַך — מיט — כך וכך —
אַן אייביקער זיך דינגען
פון טאָג-זאָרגן, פּרנסה מיט מצוות און תנ״ך.

נאַכט און נאַלעווקעס. אַריבער ווענט, באַלקאָנען,
אין העלן פלייץ פון בלענדנדיקן ליכט —
גליענדיקער שילדן-שיין און פלוצלינג אומגעריכט,
דורך פאַרביקע ליאַנעס פון נעאָנען,
מיט געלבן אָפגלאַנץ פון צעגלאָצטע יאָרצייט-ליכט,
מיט דאַווגענדיקן אומעט-קרעכץ פון אָמן׳ס, יהא, שמיה רבא׳ס
גייט אויף דער בלייכער שיין
פון ווייטע עולם הבא׳ס,
מיט רויטן גלי פון וויין,
מיט פלעמלעך פון הבדלות,
און דורך דעם העלן שימערירנדיקן בלענד,
מיט אויפגעשאַרצטע, פליענדיקע פאָלעס —
משרתימלעך מיט בערדלעך גלאַט-פאַרקעמט, —
זיי שוועבן אום ווי שוואַלבן איבער שוועלן פלינק-צעיאָגט:

אַ קרישל הויכע קדושה, אַ יהאַ שמיה רבאַ׳ס ברעקל,
אַ מעריבדיקן אָמן אַ פּיק וואו אויפן שפּרונג —
און שוין זיי האַלטן ווידער צו אַ יידן מיט אַ פּעקל,
זיי שרייען אויפן אויער אים און ריידן אויפן וואונק,
זיי רייסן פאַר די אַרבל אים און ציען פאַרן רעקל:
— רב ייד, אַ וועקסעלע, דיסקאָנטע דריי פּראָצענט! —
זיי שלעפּן אים דורך טונקעלע צעדרייטע קאָרידאָרן,
מיט בוידעם־שטיבלעך קרומלעכע און אָפּגעקראַצטע ווענט,
אַריבער שאָטנדיקע וואַקל־טרעפּ און אויסגעדרייטע שטיגן,
וואו ס׳ציטערט אַ נר תמיד דורך אַ טיר מיט גלעבן בלענד,
וואו ס׳מישט זיך אויס דער אומעט פון אַ מעריבדיקן ניגון
מיט דעם טרויער פון אַ — מילא נו, זאָל זיין שוין צוויי פּראָצענט! —

און פּלוצלינג דורך דער גאַס, דורך אויפגערוישטן ליאַרם,
דורך הילכיקן געשפּרייז און רעדער־ראָל אויף שטיין,
ווי ס׳וואָלט אַ קרעכץ אַדורך, אַ שלוכצנדיקער וויין,
וואָס צאַפּלט ערגעץ אויף פּאַרטייעט אין אַ שפּאַרע:
זאָל זיין עס איז אַ קרעכץ פאַרבלאָנדזשעט פון אַ חצות?
זאָל זיין עס איז אַ זיפץ פאַרלאָרן פון אַ תפילה?
וואָס האָט דורך נאַכט און רויש, נישט ווייסנדיק פאַרוואָס
זיך דורכגעריסן דאָ אַ מענטשלעכע און שטילע.
נאָר ס׳בלייבט די גאַס פאַרגאַפט אַ רגע שטיין.
אַ ציטער לויפט אַדורך איר שטיינערנעם געביין
און פלאַטערט אַלץ אַרום, און וויל אַלץ נישט פאַרגיין,
און וויל זיך מיט דעם יום־טובדיקן ליאַרם נישט פאַרשפּילן.
נאָר ערגעץ אויף אַ דאַך
אַן אויפגעשפּיצטער קוימען,
מיט קאָפּ פאַרריסן הויך, ער ציט זיך דורך דער נאַכט,
דורך בלויע שלייערן פון שאָטנדיקע טרוימען,
אַרויף,
אַרויף,
מיט אויפגעשפּיצטן גוף,

ס'קען זיין מחדש זיין גאָר אפשר די לבנה —
ער וויל זיך אויך דעם קרעכץ פון ערגעץ וואו דערמאָנען.
און אפשר קען גאָר זיין פאַרשאָטנט אויפן דאַך
אַריבער אויפגערוישטער גאַס,
אַריבער קרעמערישן יובל,
שטייט איינזאַם דאָרט פאַרטייעט אין דער נאַכט
אַ ייד פון צפת,
אַ ייד גאָר אַ מקובל,
וואָס שטייט צוויי טויזנט יאָר אַזוי שוין אויף דער וואַך,
אַריבער אַלע וועלט-צערוישטע, רייכע גרוים-שטעט-פּלעצער,
אַריבער אַלע יום-טובדיקע, העלע אָוונט-גאַסן
און וואַרט אַלץ אויף משיח'ן, דעם קץ פון אַלע קץ'ן,
און ס'מיניען אויף זיין פנים זיך, דעם אויסגעפּאַסטן, בלאַסן:
די פאַקל-נעכט פון רוים,
די שייטערן פון שפּאַניע,
די שרפותדיקע אָפּגלאַנצן פון מאַינצער געטאָ-נעכט.
ער שטייט דאָ אַלץ אַזוי דורך אַלע בין-הזמנים
פאַרגליווערט אין זיין טרוים,
פאַרקלערט,
אין זיך פאַרהערט
און פילט נישט, ווי אין רויש פון לייזנדיקע קראָמען
געשטאָרבן ליגט צופוסנס אונטער גאָרנדיקע ווענט
דער לעצטער אויסגעווײנטער, אויסגעקלאָגטער אָמן
אין מעריבדיקן ניגון פון: — נו, מילא צוויי פּראָצענט! —

אַ טומל, אַ יאַריד,
אַן אומרואיקער צאַפּלען.
און ווער איז דער אָט אין דער מיט?
אַן אויסגעבליבטער יונגער ייד
מיט שוועבנדיקע טריט,
וואָס גייען נישט, נאָר שטאַפּלען
און זיינע אויגן זיינען אומעטיק צעגליט,

מיט ווייטן שיין נישט-ערדישן פאַרלאָפן.
זיי זיינען ערגעץ וואו פאַרקוקט
און אָנען עפּעס וואונדערלעך און קלוג,
פאַרטרוימטע אויף דער וואַך,
דערשטוינט און מאָדנע אָפן.
אַ הויכער יונגערמאַן מיט שוועבנדיקע טריט,
מיט קרייזלענדיקע פּאות און צעשפּילעטער קאַפּאָטע —
אַרום עלעקטרע-ליכט, רעקלאַמעס רויט צעגליט
און קראָמען רוישיקע, און רינשטאָקן, און בלאָטע,
און סוחרישער זיך דינגענדיקער שריי! —
ער גייט פאַרביי
מיט אויגן הויך געווענדט
דורך אַלע הייזעריקע, קרעמערשע געשרייען.
אים שטופּן הענט
און ווענט.
עס שפּרייזן איבער אים זיך איילנדיקע מענטשן,
מיט שפּרינגענדיקע פּיס און אויסגעשטרעקטע קעפּ,
נאָר ער, ער גייט פאַרביי זיי אַרויף-צו מיט די טרעפּ,
וואו שטויביק בלייבן שטיין ביי בוידעמער פאַרענטשן,
וואו ערגעץ אין דער הויך ביים שאָטנדיקן דאַך,
מיט טונקעלע, צעפּלאַצטע שויבן,
צעעפנט שטייט אַ פענצטערל מיט שטערן אין דער נאַכט,
אַ פענצטערל, וואָס סודעט זיך מיט קומענס און מיט טויבן.
דאָ שטעלט זיך אָפּ זיין טראָט.
זיין בליק איז גאָר פאַרקוקט
נישט הימלדיק אין דר׳הויך, וואו פינקלענדיקע שטערן
צעגליטע גייען אויף
אויף דעכער פון דער שטאָט,
נאָר אונטן אויף אַראָפּ, וואו גרינע גאַז-לאָמטערנס
זיי ציען זיך אַרויף

פון אָוונטיקן ברוק,
וואו ערגעץ אונטער קראָמען, אונטער אויפגערוישטע שטיגן
גייט אוים אויף קאַלטן ברוק צעטראָטן אויף אַ שטיין
דער גלות-קרעכץ פון מעריבדיקן ניגון
און לעשט זיך אוים אינאיינעם מיט אַ קינדערשן געוויין.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און אונטן רוישט די שטאָט. רעקלאַמע-שילדן גליען.
טראַמוואַיען איילן זיך מיט הילכיקן געקלאַנג.
די גאַס ליגט הייזעריק פון גאַנצן טאָג צעשריען
זי באַרכלט אין דער נאַכט מיט טעמפּע קולות קראַנק,
מיט טירן־סקריפּ און גרילץ פון זשאַלוזיען,
מיט טויער-גלעקלעך אויפגעציטערט באַנג —
און פּלוצלינג אין דער נאַכט אַן אָפּהילך פון געזאַנג.
די גאַס הויבט אָן נאָך איילּיקער צו פליען,
נאָר האַסטיק בלייבט זי שטיין,
זי בלייבט פאַרגליווערט שטיין.
לאַמטערנס פלעמלען אויך מיט גרינע ציטער-אַפּלען
און טירן פאַלן צו און הויבן אָן צו צאַפּלען,
ס'פאַרשליסט אַ טויער זיך מיט גרילציקן געוויין.
די שרעק גיט שנעל אַ שפּרייז איבער סקריפּעדיקע טרעפּ
מיט לויפנדיקן טריט-געפּויק,
מיט שאָטן־טאַנץ פון קעפּ,
נאָר נענטער אַלץ און העכער הילכט צעפלאַטערט דאָס געזאַנג.
עס קאָרטשען טראָטואַרן זיך אָן אויסוועג אין געדראַנג
און אויגן גליען אויף מיט פּחד-שיין פון נעילה,
מיט שרעק פון יום הדין — — —

פון סמאַטשע גאַס,
פון מילע,
פון אַלע אומעט-געסעלעך,
פון יעדן מידן ראָג,
וואו ס׳מאַטערט זיך אַ מענטש נאָך אַלץ, נאָר גלויבט אין גרויסן טאָג —
זיי קומען אָן דורך נאַלעווקעס מיט אויפגעהילכטע טריט,
מיט פאָנען אויפגעוויקלטע און דראָענדיקן ליד.
עס פיבערט נאָך די גאַס ארום אין גליווערדיקן שטוינען,
עס פלאַטערט נאָך צעטומלט אויף אַ וועקסל וואו אַ קונה —
און פלוצלינג דורך דער נאַכט,
אריבער שווינדל-טרעפּ,
אריבער ווענט און פענצטער,
איבער אויפגעפּאַכטע קעפּ,
מיט אויפגעשאַרצטע פליגל פון צעפלויגענער קאַפּאָטע
אַ יונגערמאַן מיט אויגן-גלי,
מיט הייסן אומרו-אָטעם —
ער פליט
אריבער גאַס,
אריבער דעכער פון דער שטאָט,
אראָפּ,
אראָפּ,
מיט שוועבנדיקע טריט.
אָט נאָך אַ טראָט,
אָט נאָך אַ שפּרייז
אַדורכגעריסן איז דער קרייז,
אַדורכגעבראָכן שוין דער צוים
— פון וואָר און טרוים
ער שפּרייזט
מיט הויך פאַררייסענעם און אויפגעשיינטן קאָפּ
אינאיינעם מיט דעם דרייסטן, אויפגעפלייצטן שטראָם,
צוזאַמען מיט אַ הויכער פלאַטערדיקער פאָן...

און אַט אַזוי ער גייט:
אַרום אים רוישט אַן אויפגעהילכטער, פלייצנדיקער ברויז
און שווערע טריט,
און שטרענגע טענער פון אַ ניגון —
אַזוי איז היינט די נויט אין גאַס אַרויס
מיט אירם אַ ליד
אַט מיט דער וועלט פון אומרעכט זיך צעקריגן...

און אַט אַזוי ער גייט.

אין זיינע בלוטן מיניעט זיך אַ פרייד
אַ ווייטע נאָך, אינגאַנצן אַ נישט היגע,
און ערשטע זיסקייט פון נאָך נישט גערעדטע רייד,
וואָס האָבן איצטער פון דער טיפעניש געשטיגן,
וואָס האָבן אויף זיין צונג געטוליעט זיך, געשוויגן,
אין הארצן זיך ביי אים געציטיקט זיך, געגרייט,
פאַרגנבעט זיך אין לערנענדיקן, בענקענדיקן ניגון
פון אָמר רבא
און היים און וואַרנענדיק געשטיגן
אין שטרענגע ווערטער פון אַ שטראָפנדיקן נביא,
וואָס איז אַרויס זיך מיט דער גאַנצער וועלט צעקריגן,
די וועלט פון אומרעכט,
פון האַרן און פון קנעכט...

אַ, יענע פרייד,
וואָס האָט דורך פיבערדיקע נעכט
אים וואונדערלעך באַגלייט,
געפירט אים הויך אַריבער שטערן־שטיגן,
אַהין,
אַהין,

אויף יענער זייט פון שוועל פון העכסטן סוד,
וואו אלץ באקומט א זין,
גערעכטיקייט און גאט,
וואו ס׳פאלט דער ספק אפ און קלאר ווערט יעדע קשיה
פון גוטס און שלעכטס אין אייביקן געפלעכט,
וואס נישט פארענטפערן געקענט האט תוספות אים און רש״י
אין פלפול-שפיל פון קלוגן ווארט-געפעכט...

פון הינטער אים נאך גליווערן די טרעפ
און שטיבל-ווענט, מיט יארצייט-ליכט מיט געלבע,
און טאטעס, זיידעס מיט אראפגעלאזטע קעפ
אויף שוועלן שטויביקע פון רוישיקע געוועלבער,
מיט לאנגע דורות שרעק,
עקשנות און געוויין,
מיט לאנגע דורות מוט.
אט איז ער אויך אוועק
מיט הויכע טריט
און קלאנגען פון א ליד,
וואס איז צו אים פון וויטקייטן געלאפן,
וואס איז צו אים פון נאכטיקייט ארויס...
אים דאכט זיך אויס
די פאן
זי קוקט מיט חשד אים אן:
— ווער ביזטו, ווער?!
ווי קומסטו דא אהער.
ווי האט דיין טראט דעם וועג אהער געטראפן?! —
זי פלאטערט הויך און קוקט אויף אים אלץ שטרענג:
— געדענק
איך בין דיין טרייסט,
איך בין פון איצט אן דיין געוויסן,
איך בין דיין טרוים צו וועלכן האסט באגערט
און וויים
אז גרייט מוזטו איצט זיין נישט נאר דיין בלוט פארגיסן
נאר אויך מיין נאמען הייליקן מיט אויפגעפאכטן שווערד.

ער גייט
אויף אַלעם גרייט.
די נאַכט ווערט פּלוצלינג ליכטיקער און העלער,
די גאַס ווערט ברייט,
אַזוי אומענדלעך ברייט,
זיין טראָט ווערט זיכערער און שנעלער —
ער גייט
דורך נאַכט,
דורך נאַלעווקעס
און וואַרשע,
זיין פּנים בלייכט מיט פרייד,
מיט מוט,
וואָס ס׳האָט זיין בלוט
פון זיידעס נאָך געירשנט...

קען זיין אַזוי אין שטערנדיקע נעכט
מיט טיפער חכמה דורכגעטראַכטער, פּראָסטער,
געגאַנגען איז אַמאָל אַנטשידן צום געפעכט
דורך געטאָ-געסלעך פון אַמסטערדאַם — אַקאָסטאַ.

אַזוי געגאַנגען איז געפאַנגען פון זיין טרוים,
מיט גליענדיקן האַס אַנטקעגן בייזן שונא,
אַמאָל, נאָך גאָר אַמאָל אין שלאַכט אַנטקעגן רוים
אַן עלטער-זיידע זיינער, אַ פאַרעקשנטער בריוני.

ער צאַפּלט אויף.
ווי שטומע, שוויינגנדיקע עדות
עס גליווערן די ווענט,
מיט שילדן-רייד פאַרקלעמט,

מיט לויערדיקע בליקן פון די זיידעס,
וואָס ציען זיך צו אים מיט וואָרנענדיקע הענט
דורך יאָמערדיקע קעלערן פון חצות׳ן,
מיט שטומע פאַרוואורפן און הילפלאָזע פאַרדראָסן,
מיט שטראָפנדיקע ווערטער פול מיט נאָגנדיקן וויי,
מיט אויגן-אומעט שטרענגן און נישט-ערדישן פאַרלאָפן :
— ווי קומסטו דאָרט צו זיי,
ווי האָסטו, זון אָפּטריניקער, צו ז י י דעם וועג געטראָפן !?

עס רוישט די גאַס.
די זיידעס שאָקלען מיט די בערד
זיי קוקן אָן אים און פאַרגייען.
ער פילט צום ערשטן מאָל זיין פוס איז אויף דער ערד,
ער גייט אַליין געשלאָסן אין די רייען.
עס רוישט די גאַס.
און פלוצלינג אין דער נאַכט,
מיט ערשטן צאַפּל פון פאַרלאָרענע געשרייען,
ווי ס׳וואָלט אַ טיר
ווער האַסטיק הינטער זיך פאַרמאַכט
מיט צוגעהאַקטן שלאַס —
אַ שאָס !
אַ צווייטער און אַ דריטער !
די גאַס גיט אומגעריכט אַ ציטער.
מיט קלונג פון אויפגעפלאַצטן גלאָז
און לויפט,
און שרייט,
מיט אויפגעריסן מויל
און שפּייט
מיט גרויל

און קייקלט זיך אויף הינטערווייל,
מיט מענטשלעכן געקנויל,
מיט קעפּ
צעשויבערטע,
צעשוידערטע,
און טרייבט,
און שלעפּט
צום ברוק אים,
צו די ווענט,
מיט פיבערדיקע הענט,
מיט לייב צו לייב
פאַרפלאָכטן אין געאייל,
פאַרפלאָנטערט אין געפלעכט.

די שרעק גיט אומגעריכט אַ קלעטער,
אַ שפּרונג אויף אַ באַלקאָן
און ברעכט,
און שטעכט
פון שויפענצטער דעם גלאָז,
און פּלוצלינג זעט ער
די פאָן
זי קוקט אים ווידער אָן —

די גאַס אַרום
ווערט ענגער אַלץ און ענגער
ווערט איינגעשרומפּן,
שמאָל,
די פאָן קוקט שטום,
קוקט שטרענגער אַלץ און שטרענגער,
אָט ווערט זי פּלוצלינג לענגער,
לענגער...
און מיטאַמאָל
זי גיט אַ וואַקל זיך און פאַלט
אָט, אָט צו זיינע פיס —
נאָר באַלד
זיין האַנט גיט זיך אַ ריס
און דרייסט
מיט פאָן אין האַנט
ער שפּרייזט
אַריבער נאַכט און קעפּ,
אַריבער הויכע, שווינדלענדיקע טרעפּ...

# אינהאלט:

זייט

## א. מאָדעלן

### שטיללעבן



### באַם פענצטער



### וואַרשע

זייט



## אַלט־שטאָט



# ב. גורל

## חומש מאָטיוון



## מיט קינדערשע אויגן



זייט



## מענטשן און זאַכן



## בטחון



## דריי פּאָעמעס

